י. ווינ׳עצקי

# פארצייטן

## ביבלישע דערציילונגען און לעגענדעס
## מיט אילוסטראציעס

פון דער וועלט - באשאפונג
ביז דער באפרייאונג
פון מצרים

---

ארויסגעגעבן דורכן מחבר
מעקסיקע
1940

געווידמעט דעם אָנדענק פון די
אומשולדיקע קינדער, און אונטערשייד
פון פאָלק און ראַסע, וואָס זענען אומ־
געקומען אין דער איצטיקער מלחמה,
די שווידערלעכסטע פון אַלע מלחמות.

דער מחבר.

**נאָוועמבער, 1940.**

# אינהאלט:

זייט


די זון און די לבנה .......... 4
דער ערשטער מענטש .......... 9
דער גן עדן .......... 10
אָדם און חוה .......... 10
די שלאַנג .......... 11
דער בוים פון לעבן און דער בוים פון וויסן .......... 11
די שלאַנג פאַרנאַרט אָדמען און חוהן .......... 12
די שטראָף .......... 12
קין און הבל .......... 13
קינס סוף .......... 14
דער מבול .......... 17
דער טורעם פון בבל .......... 18
דער ערשטער ייד .......... 22
דאָס קינד אברהם .......... 23
אברהם צעברעכט זיין פאָטערס געטשעס .......... 24

זייט


אברהם און שרה ........ 25
אברהם און לוט ........ 26
די דריי מלאכים ........ 27
די שטאָט סדום און אירע רשעים ........ 31
די מלאכים ביי לוטן ........ 33
יצחק ........ 35
דער פּרווו ........ 36
אליעזר און רבקה ........ 41
אַ רויז צווישן דערנער ........ 43
אברהמס טויט ........ 43
יעקב און עשו ........ 44
די בכורה ........ 45
יצחק בענטשט יעקבן ........ 49
יעקבס חלום ........ 56
יעקב און רחל ........ 60
לאה און רחל ........ 62
יעקב מיט זיין פאַמיליע פאַרלאָזן לבנען ........ 63
יעקב ראַנגלט זיך מיט אַ מלאך ........ 64
עשו בעט זיך איבער מיט יעקבן ........ 67
יוסף ........ 69

זייט


יוסיפס חלומות ... 70

די ברידער פארקויפן יוסיפן פאר א שקלאף ... 72

יוסף אין טורמע ... 77

דער בעקער און דער וויינטרעגער ... 78

פרעהס חלומות ... 80

יוסף ביי דעם קעניג פרעה ... 81

די זיבעציק שפראכן ... 86.

די ברידער האבן חרטה ... 87

די ברידער זוכן יוסיפן ... 88

די ברידער ביי יוסיפן ... 89

די ברידער דעם צווייטן מאל ביי יוסיפן ... 90

יוסף דערקענט זיך פאר זיינע ברידער ... 92

יעקב און זיין פאמיליע אין מצרים ... 95

דער שלעכטער פרעה ... 96

דאס קינד משה ... 98

משה העלפט די יידישע שקלאפן ... 103

משה אין מדין ... 104

משה און דאס שעפעלע ... 105

דער דארן ... 106

די באפרייאונג פון מצרים ... 108

# אַ וואָרט צו די לערער

דעם לימוד פון יידישער געשיכטע דאַרף מען אָנפאַנגען פון ערשטן אָדער שפּעטסטנס פון צווייטן קלאַס פאָלקס-שול אָן.

יידישע געשיכטע איז דאָך אייגנטלעך מער ווי לימוד, דאָס איז דערציאונג און דערפאַר דאַרף מען דעם אָביעקט פון יידישער געשיכטע איינפלאַנצן אין די קינדער פון דער ערשטער קינדהייט אָן, אָבער ווי טוט מען דאָס? ווי לערנט מען דאָס אַזאַ האַרבן ענין מיט צאַרטע זעקס, זיבן יאָריקע קינדערלעך? זייערע מוחלעך זענען דאָך נאָך צו שוואַך צו פאַרנעמען אַזאַ מין אָביעקט ווי געשיכטע.

פאַנגט מען אָן מיט מעשהלעך און לעגענדעס, אין וועלכע די יידי־שע געשיכטע איז דאָך זייער, זייער רייך. דער לערער, געוויינטלעך דער־ציילט און די קינדער הערן זיך זייער אויפמערקזאַם צו, ווייל קינדער האָבן דאָך בטבע ליב מעשהלעך, זיי ווערן דאָך ממש פאַרצאַפּלט בעת זיי הערן אַ שיינע, פאַנטאַסטישע מעשהלע, זיי באַגייסטערן זיך און מער דאַרף מען דאָך נישט — די קינדערשע באַגייסטערונג איז דאָך אין תוך גענומען דער בעסטער סטימול פאַרן לימוד, אין רעזולטאַט אָבער בלייבט פונם לימוד כמעט ווי גאָרנישט. דעם קינדס פאַנטאַזיע צינדט זיך אָן בעתן הערן אַ מעשהלע, נאָר אויף אַ מינוט. דאָס מעשהלע איז געענדיקט און דאָס פלעמעלע אין קינדס מוחל האָט זיך אויסגעלאָשן און אין דעם קינדס זכרון בלייבט שוין ממילא גאָרנישט, אָדער כמעט ווי גאָרנישט.

געניטע, דערפאַרענע לערער פאַרשטייען דאָס גוט און זיי זעען אייך, אַז עס איז נישט צוועקמעסיק און בכלל אַנטי־פּעדאַגאָגיש, אַז דער לערער זאָל זיין אַ רעפערענט און די קינדער — צוהערער. ביים קינד אַנטוויקלט זיך ביי אַזאַ פּראָצעס נאָר איין חוש, דער חוש השמיעה און עס ווערן ביי אים אַטראָפירט אַלע אַנדערע חושים.

זוכט דער לערער אַ תרופה דורך פראַגעס און ענטפערס און עס אַנטוויקלט זיך דאַן ביים קינד נאָך אַ חוש, דער חוש הדיבור. אגב, מאַכט דאָס קינד דערביי שפּראַך־איבונגען, וועלכע זענען זייער נוצלעך פאַרן קינדס שפּראַך־אַנטוויקלונג. אָבער אויך דער מיטל איז נאָר אַ האַלבער מיטל און האַלבע מיטלען זענען כידוע, גאָר קיין מיטלען נישט.

געפינען לערער נאָך אַנדערע תרופות: זיי שרייבן אויפן טאָוול פראַ־געס איבער דער דערציילטער מעשהלע, די קינדער קאָפּירן פון טאָוול, לייענען די פראַגעס און שרייבן זייערע ענטפערס, אָדער ענטפערס, וואָס

הערן קאַלעקטיוו דורכן קלאַס און מיטן לערערס הילף אויסגעאַרבעט. אַט דער מיטל איז טאָקע אַ גאַנצער, אָבער אַ שלעכטער מיטל, ראשית איז עס אַ צו שווערע אַרבעט פאַר זעקס, זיבן יאָריקע קינדער, שנית פעלט דערביי עפּעס און דער עפּעס איז, אַז דאָס דערציילטע מעשהלע זאָל ביים קינד בלייבן אין זכרון.

דעם ציל איז מעגלעך צו דערגרייכן נאָר אויף איין וועג: — אַז דאָס דערציילטע מעשהלע אָדער די לעגענדע זאָל פאַרפיקסירט ווערן קורץ, קלאָר, פּשוט און צוגעפּאַסט צו דער מענטאַליטעט און אויפנאַמס־פעאי־קייט פון אַ זעקס, זיבן יאָריק קינד און דאָס איז דער אייגנטלעכער ציל פון אַט דעם פאַרליגנדיקן ביכל.

דער לערער, פאַרשטייט זיך, איז נישט מחויב צו דערציילן די מעשה־לעך וואָרט ביי וואָרט ווי אין ביכל, ער קען בכלל האָבן זיין צוגאַנג צו די קינדער, דורך אַ שיחה מוקדמת, דורך פראַגעס און ענטפערס, דורך משלים און שילדערונגען א. אַ. וו. א. אַ. וו. פאַרברייטערן דעם מאַטעריאַל און פרווון אַנצינדן פריער דעם קינדס פאַנטאַזיע, ווען ער האַלט דאָס פאַר נויטיק און ערשט דאַן עפענען דאָס ביכל ווו דאָס קינד וועט גע־פינען אין קורצן אַ רעזומע פון דער מעשהלע, וואָס ער האָט געהערט באריכות פון זיין לערער און דאָס קינד וועט דאַן לייענען אַ באַקאַנטע זאַך און וועט הנאה האָבן.

ביי אַזאַ פּראָצעס פון לימוד, אַנטוויקלען זיך ביים קינד נאָרמאַל אַלע זיינע חושים, דאָס קינד וועט דאָס מעשהלע אין דער היים עטלעכע מאָל איבערלייענען, קאָפּירן, ענטפערן אויף פראַגעס (שריפטלעך), ממש ווי עס טוט מיט אַ טעקסט־ביכל פאַר שפּראַך־איבונגען; אויף אַזאַ אופן וועט דאָס ביכל קאָנען נוצן אויך אַלס הילפס־ביכל צום שפּראַך־לימוד.

דאָס איבעריקע בלייבט שוין פאַרן לערער, יעדער לערער האָט זיך זיין וועג, זיין נוסח. לאָמיר האָפן, אַז אונדזערע קינדערלעך וועלן הנאה האָבן פון די פּרעכטיקע לעגענדעס פון אונדזער אַלטן קוואַל, דורך דעם ביכל, זיי איינקריצן אין זכרון און אויף אַזאַ אופן געפינען דעם נאַטיר־לעכן וועג צום לימוד פון דער יידישער געשיכטע און צו דער דערציאונג, וואָס עס באַצוועקט דער לימוד.

בנוגע די העברעאישע ווערטער, וואָס באַשווערן זייער פיל דעם יונגן קינד אין זיין לימוד, האָבן מיר באַשלאָסן, נאָך יעדער לעקציע, אויסצו־שרייבן די העברעאישע ווערטער, וואָס געפינען זיך אין דער לעקציע מיט דער יידישער טראַנסקריפּציע, כדי צו פאַרלייכטערן דעם קינד צו לייענען די אָפּט מאָל שווערע העברעאישע ווערטער.

פאַר גוטע עצות — מיין דאַנק פאַרויס.

דער מחבר.

# די זון און די לבנה

ווען די זון און די לבנה זענען געבוירן געוואָרן, זענען ביידע געווען גרויסע, שיינע און ליכטיקע.
קומט די לבנה צו גאָט און זאָגט:
— ווי קומט עס, אַז די זון זאָל זיין אַזוי גרויס ווי איך?
איז גאָט אין כעס געוואָרן און באַשטראָפט די לבנה, איז זי געוואָרן קלענער.
די לבנה איז געוואָרן אומעטיק, זי האָט חרטה געהאַט, האָט גאָט אויף איר רחמנות געהאַט און איר געשאָנקען מיליאָנען שיינע, גאָלדענע שטערנדלעך.

לבנה — לעוואָנע. כעס — קאַאַס. חרטה — כאַראָטע. רחמנות — ראַכמאָנעס.

# דער מענטש.

אין זעקס טעג האָט גאָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד. די טייכן און די ימען. די זון, די לבנה און די שטערנס, אַלערליי געוויקסן: גראָזן, בלומען, בוימער און אַנדערע. אַלערליי חיות: לייבן, טיגערן, וועלף, בערן, העלפאַנטן און אַנדערע. אַלערליי ווערים און שלאַנגען. אַלערליי פייגל און פליגן אַלערליי — אַלץ האָט גאָט באַשאַפן אין זעקס טעג.
דער לעצטער איז באַשאַפן געוואָרן דער מענטש.
— פאַרוואָס?
— ווייל גאָט האָט געוואָלט, אַז דער מענטש זאָל דערזען אַ שיינע, ליכטיקע וועלט, עס זאָל אים גוט זיין, עס זאָל אים גאָרנישט פעלן און ער זאָל זיין אַ גוטער.
דער ערשטער מענטש האָט געהייסן אָדם.

ימען — יאַמען. חיות — כאַיעס. אָדם — אָדאָם.

# דער גן עדן.

דעם ערשטן מענטש, אָדם, איז געווען זייער גוט. ער האָט געלעבט אין גן-עדן. דאָס איז אַזאַ גאָרטן, אין וועלכן עס וואַקסן די בעסטע פרוכטן, עס פליסט פריש וואַסער פון אַ קוואַל און דער מענטש האָט געקאָנט רואיק ליגן אין שאָטן פון אַ בוים און עפּעלעך זענען געפאַלן גלייך אין מויל אַריין און וואַסער האָט ער געטרונקען פון קוואַל. ארבעטן האָט אָדם נישט געדאַרפט און עס האָט אים גאָרנישט געפעלט. דערפאַר זאָגט מען, אַז איינעם איז גוט: ער לעבט ווי אין גן-עדן.

גן־עדן — גאַן אײדען.

# אָדם און חוה.

דעם מענטש איז אפילו אין גן עדן נישט גוט, אַז ער איז אַליין. מיט חיות קאָן זיך דער מענטש נישט חברן, ווייל ער קאָן מיט זיי נישט רעדן, ער פאַרשטייט נישט זייער שפראַך און אַז ער רעדט צו זיי, פאַרשטייען זיי נישט זיין שפראַך. איז אַדמען אומעטיק געוואָרן אין גן עדן. ער האָט געזוכט אַ חבר, אַ מענטש אַזוי ווי ער. האָט גאָט אָדמען געגעבן אַ פרוי. האָט זיך אָדם מיט איר דערפרייט און איר אַ נאָמען געגעבן חוה.

האָט שוין אָדם געהאַט מיט וועמען צו רעדן און עס איז אים גוט געווען.

חוה — כאַווע. חברן — כאַווערן. חבר — כאַווער.

# די שלאַנג.

מער פון אַלע חיות, וואָס האָבן זיך געפונען אין גן עדן, איז די שלאַנג געווען שלעכט און כיטרע, דאָס הייסט קלוג אויף אָפּצונאַרן, ווי קיין איינע פון זיי.

אַלע האָבן זיך געהיטן פאַר דער שלאַנג.

— אָט גייט די שלאַנג — האָבן אַלע געמורמלט, ווען זי איז אָנגעקומען און מען איז אָפּגעטראָטן אין אַ זייט, ווייל מען האָט געוווּסט, אַז זי איז שלעכט און כיטרע.

די שלאַנג האָט פאַרצייטן געהאַט צוויי פיס אַזוי ווי דער מענטש און איז געגאַנגען גיך אויף אירע צוויי פיס און דעם מענטשן, וואָס גייט אַזוי ווי זי, האָט זי פיינט געהאַט און גע־זוכט אים אָפּצונאַרן און אים שלעכטס צו טאָן און זי האָט עס טאַקע געטאָן.

# דער בוים פון לעבן און דער בוים פון וויסן.

עס זענען געווען אין גן עדן צוויי סאָרטן בוימער, אַזעלכע, וואָס מען האָט גערופן עץ הדעת — דער בוים פון וויסן און אַזעלכע, וואָס מען האָט גערופן עץ החיים — דער בוים פון לעבן.

האָט גאָט געזאָגט צו אָדם און חוה:

— פון עץ החיים מעגט איר עסן און איר וועט אייביק לעבן, אָבער פון עץ הדעת זאָלט איז נישט עסן, ווייל אויב איר וועט עסן פון דעם בוים, וועט איר שטאַרבן.

און דאָס האָט געהערט די שלאַנג און געטראַכט:

— איך וועל שוין וויסן ווי צו פאַרנאַרן די מענטשן, זיי זאָלן עסן פון דעם פאַרבאָטענעם בוים און זיי וועלן עסן און זיי וועלן שטאַרבן.

---

עץ הדעת — אייץ האַדאַאַס. עץ החיים — אייץ האַכאַים.

# די שלאַנג פאַרנארט אָדמען און חוהן.

די שלאַנג איז געקומען צו חוהן און איר געזאָגט:
— גאָט האָט געזאָגט, אַז דו טאָרסט נישט עסן פון עץ הדעת און טאָרט אפילו צו דעם בוים זיך נישט צורירן!
— אמת — אַזוי האָט גאָט געזאָגט — האָט חוה געענטפערט.
האָט די שלאַנג חוהן אַ שטויס געטאָן צום בוים און געזאָגט: —
— האָט גאָט נישט געזאָגט, אַז ווען דו וועסט עסן פון די פרוכטן פון דעם בוים צי ווען דו וועסט זיך נאָר צו דעם בוים צורירן, וועסטו שטאַרבן? אָט האָסטו זיך צוגערירט צו דעם בוים און דו ביסט געבליבן לעבן!...
די שלאַנג האָט דאַן פליגק אָפּגעריסן אַן עפּעלע פון עץ הדעת, עס דערלאַנגט חוהן און געזאָגט צו איר שטיל אויפן אויער: — נאַ, פּאַרזוך!...
חוה האָט פאַרזוכט דאָס עפּעלע, האָט דערלאַנגט איר מאַן, אָדמען אַ ביס, זיי האָבן געגעסן די פרוכט פון עץ הדעת און עס איז זיי ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, ווייל דאָס איז געווען דער בוים פון וויסן.

אמת — עמעס.

# די שטראָף.

נאָכדעם ווי אָדם און חוה האָבן געגעסן פון עץ הדעת, זע-נען זיי געוואָרן קלוג, אָבער שלעכט און כיטרע ווי די שלאַנג.
דאָס האָט גאָט פאַרדראָסן. גאָט האָט געוואָלט, אַז די מענטשן זאָלן זיין גוטע און אייביק לעבן. דערפאַר האָט גאָט באַ-שטראָפט דער שלאַנג, אָדמען און חוהן. דער שלאַנג האָט

גאָט אָפּגעהאַקט די פיס, דערפאַר וואָס זי איז געגאַנגען צו די מענטשן אָנרעדן זיי, אַז זיי זאָלן עסן פון עץ הדעת. אָדמען און חוהן, דערפאַר וואָס זיי האָבן געפאָלגט דער שלאַנג און האָבן געגעסן פון עץ הדעת, האָט גאָט פאַרטריבן פון גן-עדן.

# קין און הבל.

אָדם און חוה האָבן געהאַט צוויי זין און זיי האָבן געהייסן: קין און הבל.

קין איז געווען אַן ערד-אַרבעטער און הבל איז געווען אַ פּאַס-טוך.

איינמאָל האָבן זיך ביידע ברידער, קין און הבל, צעקריגט. הבל האָט געשריגן:

— קין, טו אויס דאָס העמד, וואָס דו טראָגסט, עס איז פון די וואָל פון מיינע שאָף!

און קין האָט געשריגן: —

— הבל, דו שטייסט אויף מיין ערד, פלי אין דער לופטן!

האָבן זיך די ברידער אַזוי לאַנג געקריגט, ביז זיי האָבן זיך צעשלאָגן און קין האָט זיין ברודער הבל געגעבן אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ, אַז ער איז געפאַלן טויט.

קין האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז זיין ברודער הבל איז טויט, ער האָט געטראַכט:

— ער איז מיד און ער שלאָפט...

האָט קין גענומען וועקן זיין ברודער הבל און שרייען: — שטיי אויף! שטיי אויף!

אָבער אַז ער האָט אים לאַנג, לאַנג געוועקט און אים נישט

געקאָנט אויפוועקן, האָט דאַן קין פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דערהרגעט זיין אייגענעם ברודער.
קין איז געווען דער ערשטער מערדער.

קין — קאַין. הבל — העוועל. דערהרגעט — דערהאַרגעט.

# קינס סוף.

נאָכדעם ווי קין האָט דערהרגעט זיין ברודער הבל, איז ביי אים אויפן שטערן אויסגעוואָקסן אַ האָרן און אַזוי האָבן אים אַלע דערקענט און געוווּסט, אַז ער איז קין.
קין האָט אָבער לאַנג געלעבט און געהאַט קינדער און אייניקלעך. איינער פון זיינע אייניקלעך האָט געהייסן למך. ער איז געווען אַ יעגער.
למך איז שוין אויך געוואָרן אַלט; ער האָט שוין אויך געהאַט קינדער און אייניקלעך און זיין זיידע קין האָט נאָך אַלץ געלעבט. איז שוין למך געווען אַלט, שוואַך און בלינד און ווען ער פלעגט גיין אויף געיעג, פלעגט אים אַן אייניקל פירן ביי דער האַנט.
איינמאָל ווען למך איז געגאַנגען מיט זיין אייניקל אויף געיעג, האָט זיין אייניקל אויסגערופן:
— זיידע, איך זע אַ האָרן!
— געוויס אַ חיה — האָט למך געטראַכט, אָנגעצויגן דעם בויגן און געוואָרפן אַ פייל.
אָבער ווען למך איז מיטן אייניקל צוגעקומען צום אָרט נעמען דעם פאַנג, האָט דאָס אייניקל אויסגערופן:
— זיידע, האָסט דערהרגעט אַ מענטשן מיט אַ האָרן אויפן שטערן!

למך האָט פאַרשטאַנען, אַז דורך אַ טעות האָט ער דערהרגעט זיין זיידן און האָט אויסגערופן מיט פאַרדרוס:
— ווי איז מיר, איך האָב געהרגעט מיין זיידן קין!
דערביי האָט למך אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און זיין אייניקל, וואָס איז געשטאַנען נעבן אים, איז מיטן קאָפּ אַריין צווישן זיין זיידנס הענט און איז פאַרקלעמט געוואָרן.
אַזוי האָט למך מיטאַמאָל דערהרגעט זיין זיידן און זיין איי-ניקל.
דערפאַר זאָגט מען אויף אַ נישט געראָטענעם — אַ למך.

---

סוף — סאָף. למך — לעמעך. חיה — כאַיע. טעות — טאָעס.

# דער מבול.

עס איז אַוועק אַ לאַנגע צייט און עס איז געוואָרן אויף דער וועלט זייער פיל מענטשן, אָבער די מענטשן זענען געווען זייער שלעכטע, האָט גאָט געזאָגט:
— לאָמיר אַראָפּלאָזן אויף דער ערד אַ מבול און זאָלן אַלע שלעכטע מענטשן אומקומען.
איז אָבער געווען איין מענטש אַ גוטער און אַן ערלעכער. נח האָט ער געהייסן.
האָט גאָט געזאָגט צו נחן:
— זאָלסט מאַכן אַ גרויסן קאַסטן און וועסט אַריין אין דעם קאַסטן, דו און דיין גאַנצע פאַמיליע און צו צוויי פון אַלע חיות און פייגל, ווייל איך ברענג אַ מבול אויף די שלעכטע מענטשן, אָבער איך וויל נישט אומברענגען די וועלט. ווייל דו ביסט גוט און ערלעך, וויל איך דיך און דיין פאַמיליע און די חיות און פייגל, וואָס וועלן זיין מיט דיר אין קאַסטן, לאָזן לעבן.

האָט נח געטאָן ווי גאָט האָט אים געהייסן.
ער האָט געמאַכט אַ גרויסן קאַסטן, אַריין אין קאַסטן, ער און זיין גאנצע פאמיליע און צו פּאָר פון אלערליי חיות און פייגל און באַלד האָט אָנגעהויבן רעגענען.
דער רעגן איז געוואָרן יעדן טאָג שטאַרקער און שטאַרקער און אַז די מענטשן האָבן דערזען, אַז זיי וועלן דערטרונקען, האָט זיי פאַרדראָסן, פאַרוואָס נח מיט זיין פאַמיליע ראטעווען זיך און זיי האָבן געוואָלט איבערקערן דעם קאַסטן, זענען געקומען לייבן און האָבן זיי פאַרטריבן.
דער מבול האָט געדויערט 40 טעג און 40 נעכט און אַלע מענטשן זענען דערטרונקען געוואָרן, ווייל זיי זענען געווען שלעכטע, נאָר נח מיט זיין פאַמיליע און אַלע חיות און פייגל. וואָס זענען געווען מיט אים אין קאַסטן, זענען געבליבן לעבן.
נח האָט געהאַט דריי זין: שם, חם און יפת. מיר קומען אַרויס פון נחס עלטסטן זון, שם.

מבול — מאַבל. נח — נויאַך. שם — שיים. חם — כאַם. יפת — יאַפעס.

# דער טורעם פון בבל.

עס איז אַוועק אַ לאַנגע צייט נאָכן מבול און ווידער זענען געוואָרן זייער פיל מענטשן אויף דער וועלט און די מענטשן האָבן געזאָגט:

— דער מבול איז געקומען אויף דער וועלט, ווייל דער הימל איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד און פון וואַנען ווייסן מיר, אַז דער הימל וועט נישט נאָכאַמאָל אַראָפּפאַלן אויף דער ערד? — לאָמיר דערפאַר אויפבויען אַ הויכן טורעם, וואָס זאָל אונטערשפּאַרן דעם הימל! האָבן זיי גענומען בויען דעם טורעם.

איז געווען, אז אַ מענטש איז אַראָפּגעפאלן, האָבן זיי נישט גע־ווײנט, אַז א ציגל איז אראָפּגעפאלן, האָבן זיי געוויינט. אַ מענטש איז זיי נישט קיין שאָד געווען, אָבער אַ ציגל איז זיי אַ שאָד געווען און דאָס האָט גאָט פאַרדראָסן.
האָט גאָט געזאָגט:
— איך וועל זיי צעמישן די שפּראַכן און זיי וועלן נישט קאָנען ענדיקן דעם טורעם.
זענען ביי די מענטשן צעמישט געוואָרן די שפּראַכן און זיי האָבן איינער דעם אַנדערן נישט פאַרשטאַנען. האָט איינער געבעטן ציגל, האָט מען אים געבראַכט וואַסער. האָט איינער געבעטן וואסער, האָט מען אים געבראַכט ציגל. האָט איי־נער געבעטן קאַלך, האָט מען אים געבראַכט שטיינער. האָט איינער געבעטן שטיינער, האָט מען אים געבראַכט קאַלך — האָבן זיי זיך צעקריגט, צעשפּרייט זיך איבער דער וועלט און געוואָרן באַזונדערע פעלקער מיט באַזונדערע שפּראַכן און האָבן דורכאַנאַנד צווישן זיך מלחמה געהאַלטן.
דעם טורעם האָבן די מענטשן נישט געקאָנט ענדיקן און יענעם אָרט האָט מען אַ נאָמען געגעבן בבל — דאָס הייסט צעמישונג, ווייל דאָרט זענען ביי די מענטשן צעמישט גע־וואָרן די שפּראַכן.

בבל — באָוועל. מלחמה — מילכאָמע.



# דער ערשטער ייד.

אין בבל איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט געמאַכט געטשעס און זיי פאַרקויפט, ווייל די מענטשן האָבן אין יענער צייט געדינט צו געטשעס פון האָלץ און פון שטיין. דער מענטש האָט געהייסן תרח. איז ביי תרחן געבוירן געוואָרן אַ זון. האָבן די קלוגע לייט פון בבל געזאָגט דעם קעניג נמרוד, אַז אין דעם טאָג, וואָס ביי תרחן איז געבוירן געוואָרן אַ זון, האָבן זיי געזען ווי אויפן הימל האָט זיך באַוויזן אַ גרויסער שטערן און דערנאָך האָבן זיך באַוויזן נאָך פיר שטערנס און דער גרויסער שטערן האָט איינגעשלונגען די פיר קלענערע שטערנס און זיי האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַ סימן, אַז דער זון, וואָס איז געבוירן געוואָרן ביי תרחן וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער מענטש און פון אים וועט אַרויסקומען אַ גרויס פאָלק. האָט דער שלעכטער קעניג נמרוד געהייסן דאָס קינד טויטן. האָט דער טאַטע תרח באַהאַלטן דאָס קינד דריי יאָר, ביז דער קעניג נמרוד איז געשטאָרבן.

דאָס קינד איז געווען אברהם, דער ערשטער ייד אָדער דער פאָטער פון יידישן פאָלק.

---

תרח — טעראַך. נמרוד — נימראָד. סימן — סימען. אברהם — אַווראָהאָם.

# דאָס קינד אברהם.

ווען אברהם איז אַלט געווען דריי יאָר און ער איז אַרויס פון דער באַהעלטעניש, האָט ער דערזען אין הימל די זון און געטראַכט:

— די זון איז גרויס און ליכטיק, זי באַלייכט די גאַנצע וועלט. די זון איז גאָט. פאַרנאַכט האָט ער אָבער דערזען, אַז די זון פאַרגייט און אויפן הימל קומט אַרויס די לבנה מיט מיליאָנען שטערנס, האָט ער געטראַכט:

— די לבנה איז שטאַרקער פאַר דער זון, דערפאַר האָט די לבנה פאַרטריבן די זון. די לבנה איז גאָט און די מיליאָנען שטערנס זענען די מלאכים.

און דאָס קינד, אברהם, האָט אַ גאַנצע נאַכט אויפן געלעגער געחלומט וועגן דער קראַפט פון דער לבנה, וואָס איז געווים אַ גאָט, אָבער אויף מאָרגן האָט ער אויפן הימל ווידער דערזען דיזעלבע זון, וואָס נעכטן און די לבנה מיט די מיליאָנען שטערנס זענען פאַרשווונדן, האָט ער געטראַכט:

— איך פאַרשטיי שוין, אַז ניט די זון און די לבנה זענען געטער, נאָר איין גאָט איז דאָ אין הימל, וואָס פירט אָן מיט דער זון און מיט דער לבנה און מיט די שטערנס און מיט דער גאַנצער וועלט!

ווען אברהם איז גרויס געוואָרן, האָט ער געלערנט די מענטשן גלויבן אין איין גאָט און אויפהערן דינען די געטשעס פון האָלץ און פון שטיין, וואָס זיי אַליין מאַכן.

פיל מענטשן האָבן זיך צו אברהמען צוגעהערט און אויפגעהערט צו דינען צו די געטשעס און אָנגעהויבן דינען צו איין גאָט.

---

מלאכים — מאַלאָכים. געחלומט — געכאָלעמט.

# אברהם צעברעכט זיין פאָטערס געטשעס.

אברהם איז געווען דער היטער פון זיין פאָטערס געטשעס. איינמאָל איז געקומען אַ פרוי און געבראַכט פאַר די געטשעס אַ טעפעלע עסן. האָט אברהם ביי דער פרוי צוגענומען דאָס טעפעלע עסן און ווען די פרוי איז אַוועק, האָט ער דאָס עסן אויפגעגעסן און האָט גענומען אַ שטעקן און צעבראָכן אַלע געטשעס און דעם שטעקן האָט ער אַריינגעשטעלט דעם גרעסטן געטש אין האַנט אַריין.

ווען זיין פאָטער תרח האָט דערזען אַלע געטשעס צעבראָכענע, האָט ער געפרעגט:

— ווער האָט דאָס געטאָן?

האָט אברהם געזאָגט:

— עס איז געקומען אַ פרוי און געבראַכט פאַר די געטשעס זייער גוטע עסן, האָבן זיך די געטשעס אָנגעהויבן שלאָגן איבערן עסן, האָט דער גרעסטער געטש גענומען אַ שטעקן און זיי אַלע צעבראָכן.

האָט דער טאַטע אויסגערופן מיט כעס:

— ווי אזוי קאָנען זיי זיך שלאָגן?! זיי זענען דאָך געטשעס!!

האָט אברהם געזאָגט:

— אויב אַזוי, פאַרוואָס זאָגסטו, אַז זיי זענען געטער און דו פאַרקויפסט זיי און די מענטשן גלויבן דיר און דינען צו זיי?!...

איז תרח אין כעס געוואָרן אויף זיין זון אברהם און אברהם האָט פאַרלאָזן זיין פאָטערס הויז און אַוועק אין אַ וויייטן וועג.

# אברהם און שרה.

אברהם איז אַוועק פון זיין פאָטערס הויז און פון לאַנד בבל און איז געקומען אין לאַנד כנען און זיך דאָרט באַזעצט. אין כנען איז אברהם געוואָרן אַ פאַסטוך און עס איז ביי אים געוואָרן אַ גרויסע צאָל שאָף און ער איז געוואָרן רייך. האָט אברהם אין כנען גענומען אַ פרוי מיטן נאָמען שרה.

אברהם און שרה זענען געווען זייער גוטע און גאַסטפריינט־לעכע מענטשן. זיי האָבן ליב געהאַט אויפצונעמען מענטשן, זיי צו געבן עסן און טרינקען און אַן אָרט זיך אָפּצורוען פון וועג. האָבן זיי געמאַכט אין זייער געצעלט פיר טירן, אַז אַ מענטש, וואָס וועט קומען פון אַ ווייטן וועג און וועט זיין הונגעריק, דורשטיק און מיד, זאָל ער נישט דאַרפן זוכן די טיר, נאָר פון וועלכער זייט ער וועט קומען, זאָל ער באַלד געפינען די טיר און זאָל גלייך אַריינקומען צו זיי אין גע־צעלט.

אַז עס זענען געקומען געסט אין אברהמס געצעלט, האָט אברהם גענומען דאָס בעסטע פון זיינע שאָף און דאָס גע־געבן זיין פרוי שרה, זי זאָל צוגרייטן עסן פאַר די געסט. איז מיט דער צייט אברהמס געצעלט באַרימט געוואָרן ווייט אַרום און זייער פיל מענטשן פלעגן פון נאָנט און פון ווייט קומען צו גאַסט אין אברהם און שרהס געצעלט.

---

שרה — סאָרע. כנען — קנאַאַן.

# אברהם און לוט

אברהם האָט געהאַלטן ביי זיך זיין ברודערס זון, אַ יתום. לוט האָט ער געהייסן.

האָט אברהם אויסגעלערנט לוטן פּאַשען שאָף און לוט איז אויך געוואָרן רייך מיט זייער פיל שאָף. האָבן אברהם און לוט געהאַט פּאַסטוכער, וואָס האָבן זיי געהאָלפן פּאַשען זייערע שאָף.

איינמאָל האָבן זיך אברהמס פּאַסטוכער און לוטס פּאַס-טוכער צעקריגט איבערן פעלד.

די האָבן געשריגן: — דאָס פעלד איז אונדזערס! און די האָבן געשריגן: — ניין, עס איז אונדזער פעלד! ווייל עס איז געוואָרן ענג אין פעלד, אַזוי פיל שאָף האָבן זיי געהאַט.

איז לוט געקומען צו אברהמען און אים דערציילט, אַז די פּאַסטוכער קריגן זיך, ווייל עס איז זיי ענג דאָס פעלד. האָט אברהם אַרויפגעפירט לוטן אויף אַ הויכן באַרג און אים גע-וויזן ווי גרויס עס איז די ערד און אַז עס איז דאָ גענוג פעל-דער פאַר די שאָף און מען דאַרף זיך נישט קריגן.

און אברהם האָט געזאָגט צו לוטן:

— גיי דו מיט דיינע שאָף און מיט דיינע פּאַסטוכער אויף דער לינקער זייט, וועל איך מיט מיינע שאָף און מיט מיינע פּאַסטוכער גיין אויף דער רעכטער זייט. אָדער דו וועסט גיין מיט דיינע שאָף און מיט דיינע פּאַסטוכער אויף דער רעכטער זייט, וועל איך גיין מיט מיינע שאָף און מיט מיינע פּאַסטוכער אויף דער לינקער זייט און לאָמיר זיך נישט קריגן, זאָל זיין שלום און לאָמיר זיין ווי ברידער!

האָבן זיך אברהם מיט לוטן צעשיידט און לוט איז אַוועק ביז דער שטאָט סדום.

לוט — לויט. יתום —— יאָסעם. שלום — שאָלעם. סדום — סדוים.

# די דריי מלאכים.

איינמאָל אין אַ הייסן זומער-טאָג איז אברהם געזעסן ביי דער טיר פון זיין געצעלט און גערוט נאָכן שווערן טאָג אַר־בעט אין פעלד.

מיטאָמאָל האָט אברהם דערזען פון דערווייטן אָנקומען דריי מענטשן. דאָס זענען געווען מלאכים. אברהם האָט דאָס נישט געוווסט, ווייל זיי זענען געווען פאַרשטעלט פאַר מענטשן. איז אברהם אַרויס אַנטקעגן זיי, זיך געבוקט מיטן פּנים צו דער ערד און זיי געבעטן:

— זאָגט נישט אָפּ אייער דינער, קומט אריין אין געצעלט, וואַשט אָפּ דעם שטויב פון אייערע פיס, עסט און טרינקט, רוט זיך אויס פון וועג און דערנאָך וועט איר ווייטער גיין אייער וועג!

אברהם האָט זיך זייער פיל ביי זיי געבעטן און זיי זענען אַריין אין זיין געצעלט. האָט אברהם דערלאַנגט וואַסער צו וואַשן זייערע פיס, וואָס זענען געווען פאַרשטויבט פון דעם ווייטן, זאַמדיקן מדבר-וועג. דערנאָך זיי אַוועקגעזעצט אין שאָטן פון בוים ביי דער טיר פון זיין געצעלט און פאַר זיי געמאַכט פלייש פון אַ יונג קעלבעלע און שרה האָט אויף גיך אָפּ-געבאַקן קוכנס און די געסט האָבן געגעסן. די גאַנצע צייט, וואָס די געסט האָבן געגעסן, איז אברהם פאַר זיי געשטאַנען

און זיי באַדינט. אָט האָט ער זיי צוגעטראָגן עסן, אָט האָט ער זיי צוגעטראָגן וואַסער צו טרינקען, ביז זיי זענען געוואָרן זאַט און דערפרישט. דאַן האָט ער פאַר זיי געמאַכט אַ גע־לעגער אין זיין געצעלט און זיי האָבן זיך אויסגערוט פון זייער וויטן, שווערן וועג.

אויף מאָרגן, פאַרן אַוועקגיין, האָבן די געסט, וואָס זענען גע־ווען מלאכים, געווונטשן אברהם און שרהן, אַז אין אַ יאָר אַרום זאָל ביי זיי געבוירן ווערן א זון. שרה האָט אָבער גע־לאַכט, זי האָט נישט געגלויבט, אַז זי וועט נאָך האָבן אַ קינד, ווייל זי און איר מאַן אברהם זענען שוין זייער אַלט און זיי האָבן נאָך קיין קינדער נישט געהאַט. די מלאכים האָבן איר אָבער פאַרזיכערט, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט זי האָבן אַ זון.

אברהם האָט זיינע געסט אַרויסבאַגלייט און ווען זיי זענען אַרויף אויף אַ הויכן באַרג, האָבן זיי געוויזן אברהמען די צוויי שטעט: סדום און עמורה, וו עס האָבן געוווינט זייער שלעכטע מענטשן, רשעים.

זיי האָבן דאַן אויסגעזאָגט אברהמען, אַז זיי זענען מלאכים און אַז גאָט האָט זיי געשיקט פאַרברענען די צוויי שטעט מיט די שלעכטע, זינדיקע מענטשן. אַז אברהם האָט דאָס דערהערט, האָט ער אָנגעהויבן בעטן ביי די מלאכים, זיי זאָלן נישט פאַרברענען די שטעט, ווייל טאָמער געפינען זיך אין יענע שטעט גוטע, ערלעכע מענטשן אויך. האָבן זיך אָבער אין סדום און עמורה נישט געפונען אפילו קיין צען גוטע

און ערלעכע מענטשן. זענען די מלאכים אַוועק פֿאַרברענען די שטעט סדום און עמורה און אברהם האָט זיך אומגעקערט אַן אומעטיקער אין זיין געצעלט.

פנים — פּאָנים. מדבר — מידבאָר. עמורה — אַמויראָ. רשעים — רשאָ׳ים.

# די שטאָט סדום און אירע רשעים.

די שטאָט סדום איז געווען זייער אַ גרויסע און אַ שיינע שטאָט. עס זענען דאָרט געוואָקסן זייער פיל שיינע פּאַלמעס און פרוכט-ביימער. די מענטשן פון סדום זענען געווען זייער רייכע, אָבער שלעכטע, רשעים.

פון ווייטע ערטער זענען מענטשן געקומען אין סדום קויפן די פרוכטן און געצאָלט מיט גאָלד און זילבער. האָבן די מענטשן פון סדום געזאָגט:

— אונדזערע פרוכטן זענען ווערט זייער פיל גאָלד און זילבער. קומען פרעמדע מענטשן און נעמען דאָס אונדז צו. ניין, מיר וועלן מער נישט לאָזן, אַז פרעמדע זאָלן צו אונדז קומען!

האָבן די מענטשן פון סדום פאַרשלאָסן די טויערן פון זייער שטאָט און נישט אַריינגעלאָזן קיין פרעמדע קיין סדום.
פון דאַן אָן האָט קיין פרעמדער נישט געטאָרט אַריינקומען קיין סדום און די מענטשן פון סדום האָבן נישט געטאָרט אויפנעמען קיין געסט און זיי געבן עסן און טרינקען.
איז אַמאָל אַ פרעמדער געקומען קיין סדום און ער האָט נישט געוווסט, אַז ער טאָר אין דער שטאָט נישט אַריינקומען האָבן די ריכטער פון סדום, וואָס זענען געזעסן ביי די טויערן

פון שטאָט גענומען דעם פרעמדן און אים אַוועקגעלייגט אויף אַ בעטל און אים געמאָסטן די פיס, וואָס האָבן געוואָגט צו קומען קיין סדום.

זענען די פיס געווען לענגער ווי דאָס בעטל, האָט מען אים די פיס אָפּגעהאַקט, זענען די פיס געווען קירצער ווי דאָס בעטל, האָט מען אים די פיס אויסגעצויגן צו דער מאָס פון דעם סדום-בעטל.

קיינער האָט אין סדום נישט געטאָרט געבן קיין נדבה אַן אָרימאַן און האָט מען איינמאָל געזען אין סדום ארומגיין אַן אָרימאַן אַ זאַטן, האָט מען אָנגעהויבן פאָרשן ווער עס האָט דעם אָרימאַן געגעבן עסן און מען האָט זיך דערוווסט, אַז אַ יונגע מיידל האָט רחמנות געהאַט אויפן הונגעריקן אָרימאַן און אים געגעבן אַ שטיקל ברויט; האָט מען דאָס מיידל געבראַכט צו די ריכטער פון סדום און די ריכטער האָבן געהייסן מען זאָל דאָס מיידל אויסטאָן נאַקעט, עס אויסשמירן דעם גאַנצן קערפּער אין האָניק פאַר איר גוטס-קייט און זיסקייט און דאַן איר אַריינוואַרפן אין אַ בינשטאָק. האָט מען אַזוי געטאָן און דאָס מיידל, וואָס האָט געגעבן אַן אָרימאַן אַ שטיקל ברויט, איז פון בינען צעביסן געוואָרן ביז טויט.

די געשרייען פון דעם אומגליקלעכן מיידל האָבן דערגרייכט ביזן הימל און גאָט האָט געשיקט מלאכים צו פאַרברענען די זינדיקע שטאָט.

אַזוי איז אויך געווען מיט דער אַנדערער זינדיקער שטאָט, עמורה.

---

נדבה — נעדאָווע.

# די מלאכים ביי לוטן.

אין דער שטאָט סדום איז דאַן געזעסן לוט, אברהמס פּלימע־ניק. ער איז געווען אַ רייכער און חשובער מענטש. ער איז געווען אַ ריכטער.

איז לוט אַזוי ווי אלע אַנדערע ריכטער פון סדום, געזעסן אין טויער פון שטאָט און געזען ווי עס קומען אָן פרעמדע קיין סדום. אָבער לוט האָט די פרעמדע יאָ אַריינגעלאָזן אין שטאָט און זיי אויפגענומען צו זיך אַלס געסט. זענען דער־פאַר די מענטשן פון סדום געווען צעקריגט מיט לוטן, וואָס האָט זיך געפירט אַנדערש ווי זיי.

ווען די מלאכים זענען אָנגעקומען קיין סדום, האָט זיי לוט דערזען פון דערווייטן און אַזוי ווי אברהם, געמיינט, אַז זיי זענען נישט קיין מלאכים, נאָר מענטשן און ער האָט זיי געבעטן זיי זאָלן אַריינקומען צו אים אין זיין הויז און זיין זיינע געסט. די מלאכים האָבן נישט געוואָלט גיין צו לוטן, אָבער לוט האָט זיי לאַנג געבעטן און די מלאכים זענען צו אים אַריינגעקומען.

האָבן זיך באַלד די מענטשן פון סדום דערוווּסט, אַז לוט האָט אַריינגענומען פרעמדע מענטשן קיין סדום און זיי אפילו צוגענומען פאַר געסט אין זיין הויז. זענען זיי אַלע, יונגע און אַלטע לייט, געקומען צו לוטן מיט אַ געשריי:

— פאַרוואָס האָסטו אַריינגענומען צו זיך פרעמדע מענטשן ?!

— דו ביסט דאָך אַליין אַ פרעמדער, מיר וועלן דיך אויך אַרויסטרייבן פון שטאָט!

— גיב אונדז אַרויס די מענטשן, וועלן מיר זיי טויטן, און אַז דו וועסט זיי נישט אַרויסגעבן, וועלן מיר דיך אויך טויטן!
לוט האָט זיי אָבער זיינע געסט נישט געוואָלט אַרויסגעבן און ער האָט זיי געענטפערט:
— זיי זענען דאָך מיינע געסט, דאַרף איך זיי באַשיצן, ווי קאָן איך אייך די מענטשן אַרויסגעבן, אַז איר זאָלט זיי טויטן?!
האָבן די מענטשן פון סדום אַרומגערינגלט לוטס הויז, האָבן געוואָלט אויפברעכן די טיר און הרגענען די פרעמדע צוזאַמען מיט לוטן און זיין פאַמיליע.
האָבן די מלאכים די מענטשן פון סדום בלינד געמאַכט און זיי האָבן נישט געקאָנט געפינען די טיר פון לוטס הויז.
דאַן האָבן די מלאכים געזאָגט צו לוטן:
— מיר זענען מלאכים, געשיקט פון גאָט צו פאַרברענען די זינדיקע שטעט סדום און עמורה, ווייל דער געשריי פון די געפייניקטע האָט דערגרייכט צום הימל. דו אָבער, ביסט אַ גוטער, אַן ערלעכער מענטש, וועלן מיר דיך מיט דיין פאַמיליע לאָזן לעבן. גיך פאַרלאָז דו און דיין פאַמיליע די שטאָט סדום, ווייל באַלד וועט נעמען האָגלען פון הימל איבער סדום מיט פעך און שוועבל און אַלץ וועט פאַרברענט ווערן, סיי די מענטשן, סיי די בהמות! קיינער וועט זיך נישט ראַטעווען!
און אַז לוט און זיין פאַמיליע האָבן זיך נישט געאיילט, האָבן די מלאכים זיי געכאַפּט און אַרויס מיט זיי פון שטאָט סדום, ביז ווייט הינטערן שטאָט און דאָרט האָבן זיי געזאָגט צו לוטן און צו זיין פאַמיליע:

— באַלד וועלן די שטעט סדום און עמורה ברענען אין פייער. איר זאָלט אַוועק ווייט, ווייט ביז צו די בערג און איר זאָלט זיך נישט אומקוקן!

איז לוט מיט זיין פאַמיליע אַוועק ווייט ביז צו די בערג, ווי די מלאכים האָבן זיי אָנגעזאָגט. נאָר לוטס ווייב האָט זיך אומגעקוקט צו זען ווי עס ברענען די שטעט, איז פון איר געוואָרן אַ זייל פון זאַלץ.

די שטעט סדום און עמורה מיט זייערע רשעים זענען חרוב געוואָרן און עס איז פון זיי נישט געבליבן קיין סימן ביז אויף היינטיקן טאָג.

---

השובבער — כאַשעווער. בהמות — בעהיימעס. חרוב — כאָרעוו. סימן — סימען.

# יצחק

עס איז אַוועק אַ יאָר נאָכדעם ווי די מלאכים זענען געווען ביי אברהמען, דיזעלבע מלאכים, וואָס האָבן פאַרברענט די צוויי זינדיקע שטעט: סדום און עמורה. די מלאכים האָבן דאַן ביים געזעגענען זיך מיט אברהמען, אים און שרהן געבענטשט אַז אין אַ יאָר אַרום וועלן זיי האָבן אַ זון. שרה האָט דאַן געלאַכט און געזאָגט:

— איך בין שוין אַלט און מיין מאַן איז שוין אַלט, וועלן מיר דען נאָך האָבן אַ קינד?

אָבער צום יאָר נאָך דער ברכה פון די מלאכים, האָט שרה געהאַט אַ זון און דאַן האָט אברהם געזאָגט צו שרהן:

— געדענקסט, אַז ווען די מלאכים האָבן דיר געזאָגט: — צום יאָר וועסטו האָבן אַ זון — האָסטו געלאַכט?

— איך געדענק — האָט שרה געענטפערט און האָט זיך פאַרשעמט. האָבן אברהם און שרה אַ נאָמען געגעבן זייער זון יצחק, דאָס הייסט, מען האָט געלאַכט, צום אָנדענק פון שרהס לאַכן ווען די מלאכים האָבן איר געבענטשט אויף דער עלטער מיט אַ זון.

ווען יצחק איז געבוירן געוואָרן, איז אברהם שוין אַלט געווען הונדערט יאָר און שרה — אַכט און נײַנציק יאָר.

מיט יצחקס געבוירן ווערן, איז די פרייד אין אברהמס געצעלט געוואָרן זייער גרויס און זייער פיל מענטשן האָבן זיך געפרייט מיט אברהמען און שרהן, ווייל קיינער האָט שוין נישט גע־גלויבט, אַז אויף דער עלטער וועלן זיי נאָך האָבן אַ קינד.

---

יצחק — ייצכאָק. ברכה — בראָכע.

# דער פרוו.

יצחק איז אויסגעוואַקסן שיין און קלוג און איז געווען זייער ענלעך צו זיין פאָטער אברהם. ער איז געווען געטריי צו זיינע עלטערן און זיי האָבן אים זייער שטאַרק ליב געהאַט.

איינמאָל איז דער שטן געקומען צו גאָט און האָט געזאָגט:

— אברהם איז דיר אַ געטרייער דינער, ווייל איך פרוון אים זאָגן, ער זאָל דיר ברענגען פאַר אַ קרבן זיין איינציקן, באַליבטן זון יצחק, צי ער וועט דאָס טאָן.

האָט גאָט געזאָגט צום שטן:

— גיי און זאָג אים!

האָט אברהם געהערט אַ קול פון הימל:

— אברהם! אברהם!

האָט אברהם געענטפערט:

— דאָ בין איך.

האָט אברהם ווייטער געהערט דעם קול פון הימל:

— אברהם, הער זיך צו, גיי און ברענג דיין איינציקן, באַליבטן זון יצחק פאַר אַ קרבן און דו זאָלסט גיין צו דעם אָרט, וווּ איך וועל דיר ווייזן!

איז אברהם אויפגעשטאַנען זייער פרי און אויפגעוועקט זיין זון יצחק און זיין פרוי שרה האָט ער גאָרנישט געזאָגט. און אברהם האָט אָנגעזאָטלט אַן אייזל, מיטגענומען מיט זיך צוויי יונגע דינערס, גענומען האָלץ, שטריק און אַ מעסער און צוזאַמען מיט זיין זון יצחק איז ער אַוועק אין אַ ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג.

האָט זיך דער שטן פארשטעלט פאַר אַן אַלטן מאַן און אַנטקעגנגעקומען אברהמען אין וועג. זאָגט דער שטן, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטער מאַן, צו אברהמען:

— איך ווייס, אַז דו גייסט שחטן דיין איינציקן זון. ביסט אַ מערדער!

האָט אברהם געענטפערט:

— איך גיי טאָן גאָטס ווילן! און איז ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

האָט זיך דער שטן פאַרשטעלט פאַר אַ יונגן יינגל און איז געקומען צו יצחקן און אים געזאָגט:

— ווייסטו, אַז דיין טאַטע גייט דיך שחטן?

האָט יצחק געענטפערט:

— אַז מיין טאַטע הייסט מיך, מוז איך מיט אים גיין און זיין אַ קרבן!

איז דער שטן אַוועק, ווייל ער האָט שוין געזען, אַז סיי דער טאַטע, סיי דער זון פאָלגן אים נישט.

ווען אברהם איז געקומען צו אַ באַרג און געוואָלט שחטן זיין זון יצחק, האָט ער מיט אַמאָל דערהערט אַ קול פון הימל:
— אברהם, טו נישט קיין שלעכטס דיין זון יצחק, ער דאַרף לעבן, ווייל פון אים וועט אַרויסקומען אַ גרויס פאָלק. אַזאַ גרויס פאָלק, וואָס וועט זיין אַזוי פיל ווי די שטערנס אין הימל, וואָס זענען נישט איבערצוציילן און ווי דאָס זאַמד אויפן ברעג פון ים!

איצט זע איך, אַז דו ביסט מיר געטריי, אַז דו האָסט אפילו דיין באַליבטן זון, דעם איין איינציקן זון דיינעם, יצחק, נישט געשוינט און אים געוואָלט ברענגען פאַר אַ קרבן צו דיין גאָט!
אברהם האָט אויפגעהויבן די אויגן, האָט ער דערזען אַ באַראַן און זיינע הערנער זענען פארפלאָנטערט אין די צווייגן פון אַ בוים. האָט אברהם געבראַכט פאַר אַ קרבן דעם באַראַן, אָנשטאָט זיין זון יצחק.

---

שטן — סאָטן. קרבן — קאָרבן. קול — קאָל. שחטן — שעכטן. ים — יאַם.

# אליעזר און רבקה.

ביי אברהמען איז געווען אַן אַלטער דינער, אליעזר, איז ער געווען דער פאַרוואַלטער פון אברהמס פארמעגן און איז געווען זייער אַ געטרייער דינער.

האָט איינמאָל אברהם געזאָגט צו זיין דינער, אליעזר:

— הער, עס געפעלן מיר נישט די טעכטער פון כנען, אַז מיין זון יצחק זאָל איינע פון זיי נעמען פאַר אַ פרוי. גיי אין דעם לאַנד, ווו איך בין געבוירן און ברענג פון דאָרט אַ פרוי פאַר מיין זון יצחק!

האָט אליעזר גענומען צען קעמלען, אָנגעלאָדן אויף זיי גאָלד און זילבער און פון אַלדאָס גוטס און שפייז אין וועג און איז אַוועק צו דעם לאנד, ווו זיין האַר אברהם איז געבוירן געוואָרן, ברענגען פון דאָרט אַ פרוי פאר זיין יונגן האַר יצחק.
אַ לאַנגע צייט האָט אליעזר געוואנדערט איבער דעם מדבר און געקוקט אין דער ווייט אַריין צו זען צי עס ווייזט זיך שוין ערגעץ אַ שטאָט. דערווייל האָט אליעזר געטראַכט:
— וועל איך באַגליקן מיין וועג און געפינען אַזאַ פרוי, וואָס זאָל זיך פאַסן פאר מיין יונגן האַר יצחק?

—לאָמיר זיך מאַכן אַ סימן: אַז איך וועל אָנקומען צו אַ שטאָט, וועל איך זיך אָפּשטעלן פאַר א ברונעם און איך וועל זען, וועלכעס מיידל, וואָס וועט קומען שעפּן וואַסער און אַז איך וועל איר בעטן אַ טרונק וואַסער, וועט זי אויך פאַר מיינע קעמלען אָנשעפּן, די וועט זיין די פרוי, וואָס גאָט האָט באַשטימט פאַר מיין האַר יצחק.

אַזוי איז אליעזר אָנגעקומען צו אַ שטאָט און זיך אָפּגעשטעלט
פאַר אַ ברונעם און דאָרט געלאָזט קניען זיינע קעמלען. עס
איז געווען דער פרימאָרגן און די מיידלעך פון שטאָט זענען
געקומען מיט די קריגלעך אויף די אַקסלען צום ברונעם און
אָט איז געקומען צום ברונעם אַ שיין, יונג מיידל און אַראָפּ-
געלאָזן איר קרוג צום ברונעם.

אליעזר איז גיך צוגעלאָפן און געבעטן ביי דעם מיידל אַ
טרונק וואַסער. דאָס מיידל האָט אָנגעשעפּט וואַסער פון
ברונעם און דערלאַנגט די קרוג וואַסער דעם פרעמדן און
געזאָגט:

— טרינק און איך וועל פאַר דיינע קעמלען אויך אָנשעפּן;
און זי האָט באַלד אָנגעשעפּט וואסער אין איר קרוג און
אָנגעטרונקען די צען קעמלען.

אליעזר האָט דאָס געזען און געטראַכט:

— האָט מיך דער גאָט פון מיין האַר באַגליקט מיין וועג און
געפונען אַ פרוי פאַר מיין יונגן האַר יצחק!! און ער האָט
באַדאַנקט און געשאָנקען דעם מיידל אַ גאָלדענעם רונג און
איר געפרעגט:

— ווי איז דיין נאָמען?

— רבקה, די טאָכטער פון בתואל!

און דאָס מיידל איז געלאָפן דערציילן אין איר היים אלץ,
וואָס מיט איר האָט פּאַסירט. באַלד איז אַרויסגעקומען רבקהס
ברודער, לבן, און אַריינגעבעטן אין זייער הויז דעם פרעמדן,
וואָס האָט אַזאַ שיינע מתנה געגעבן זיין שוועסטער.

אליעזר האָט אויך רבקהס פאָטער און איר ברודער געגעבן

שיינע מתנות און זיי דערציילט צוליב וואָס ער איז געקומען.
דער פאָטער און דער ברודער האָבן געזאָגט:
— גוט, נאָר לאָמיר פרעגן דאָס מיידל! און רבקה האָט
געענטפערט:
— איך גיי מיט דעם מאַן.
האָט אליעזר געבראַכט רבקהן פאַר זיין יונגן האַר יצחק פאַר
אַ פרוי.

אליעזר — עליעזער. רבקה — ריווקע. בתואל — בסואייל. לבן — לאָוואָן.
מתנה — מאַטאָנע, מתנות — מאַטאָנעס.

# א רויז צווישן דערנער

רבקה, יצחקס פרוי, האָט נישט געשטאַמט פון קיין גוטן
יחוס. איר פאָטער, בתואל, איז געווען אַ פאַלשער מענטש,
אַ ליגנער. איר ברודער, לבן, איז אויך געווען אַ ליגנער.
נאָר זי אַליין איז געווען אַן ערלעכע. האָבן מענטשן געזאָגט
וועגן רבקהן, אַז זי איז ווי אַ רויז צווישן דערנער.

יחוס — ייכעס.

# אברהמס טויט

ביי אברהם אבינו אויפן האַלדז איז געהאָנגען אַ טייערער
שטיין. יעדער קראַנקער מענטש, וואָס האָט געזען דעם שטיין,
איז געזונט געוואָרן.
באַלד ווי אברהם איז געשטאָרבן, איז דער שטיין געוואָרן
אויפגעהאָנגען אויף דער זון.
נאָך אברהמס טויט האָבן זייער פיל מענטשן געטרויערט און
געזאָגט:

— ווײ צו דער וועלט, וואָס האָט פֿאַרלוירן איר פֿירער!
— ווײ צו דער שיף, וואָס האָט פֿאַרלוירן איר קאַפּיטאַן!

אָבינו — אָווינו.

# יעקב און עשׂו

יצחק און רבֿקה האָבן געהאַט צוויי זין, אַ צווילינג: יעקב און עשׂו. די ברידער זענען אָבער גאָרנישט ענלעך געווען איינער צום אַנדערן. עשׂו איז געווען אַ רויטער, אַ האָריקער און יעקב איז געווען אַ בלאַסער, אַן איידעלער און אַ גלאַטער. ווען די יינגלעך זענען אויסגעוואַקסן, זענען יעדער איינער געגאַנגען אויף אַן אַנדער וועג.

עשׂו איז געווען אַ יעגער. ער פֿלעגט אין די וועלדער און די פֿעלדער ארומלויפֿן גאַנצע טעג מיט פֿייל און בויגן און זיך יאָגן נאָך חיות און פֿייגל.

יעקב איז געוואָרן אַ פּאַסטוך, ווי זיין טאַטע יצחק און זיין זיידע אַברהם. פֿלעגט יעקב זיצן אין פֿעלד און פּאַשען די שעפּעלעך און ווען די זון איז פֿאַרגאַנגען, איז ער שוין געווען אין געצעלט און געהאָלפֿן דער מאַמען אין איר אַרבעט.

האָט דער טאַטע, יצחק, ליב געהאַט עשׂוון, ווייל ער פֿלעגט אָפֿט ברענגען פֿון פֿעלד גוטע שפּייז פֿון די געפֿאַנגענע חיות אָדער פֿייגל און די מאַמע, רבֿקה, האָט ליב געהאַט יעקבן, ווייל ער איז געווען אַ שטוב-זיצער, נישט אַרומגעלאָפֿן ווי אַ ווילדער און איז געווען קליגער פֿאַר זיין ברודער עשׂוון. די מאַמע האָט געטראַכט:

— פון יעקבן וועט אַמאָל אויסוואַקסן אַ קלוגער געלערנטער מענטש! און רבקה האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט איר זון יעקב.

---

עשיו — אייסאָוו.

# די בכורה.

איינמאָל איז עשיו אַוועק אין פעלד פאַנגען חיות. האָט ער דערזען אַ הירש. האָט זיך עשיו געיאָגט נאָכן הירש און אים געוואָלט פאַנגען. איז אָנגעקומען דער קעניג פון די יעגערס, נמרוד.

זאָגט נימרוד צו עשיון: —

— מיט וואָס פאַראַ רעכט פאַנגסטו אין מיין וואַלד? קום מיט מיר מלחמה האַלטן!

און נימרוד האָט עשיון געגעבן צייט זיך צו גרייטן צו דער מלחמה. איז עשיו געקומען צו זיין ברודער יעקב בעטן אַן עצה, וואָס צו טאָן.

האָט יעקב געזאָגט צו זיין ברודער עשיון:

— אַזוי לאַנג ווי נימרוד טראָגט די קליידער פון דעם ערשטן מענטש, אָדם, קאָנסטו אים נישט בייקומען. זאָג אים, ער זאָל אויסטאָן די קליידער פון אָדמען, וועסטו קאָנען מיט אים מלחמה האַלטן.

האָט עשיו אַזוי געטאָן ווי עס האָט אים געראַטן זיין ברודער יעקב. איז עשיו אַוועק צו נימרודן און האָט אים געזאָגט:

— אַז דו וועסט אויסטאָן די קליידער פון אָדמען, וועל איך מיט דיר מלחמה האַלטן!

האָט נימרוד אויסגעטאָן די קליידער פון אָדמען און האָט אָנגעטאָן אַנדערע קליידער און עשיו האָט אָנגעטאָן די קליידער פון אָדמען. האָט עשיו מלחמה געהאַלטן מיטן קעניג פון די יעגערס, נימרוד, און האָט אים געהרגעט.

נאָך דער שווערער מלחמה מיט נימרודן, איז עשיו געקומען אַהיים זייער מיד און הונגעריק. האָט ער געזען, אַז יעקב קאָכט אַ טאָפּ מיט רויטע לינזן, ווי בלוט.

עשיו האָט זייער ליב געהאַט רויטע לינזן, וואָס האָבן אויס-געזען ווי בלוט. האָט ער געזאָגט צו זיין ברודער יעקב:

— גיס מיר אין האַלדז אַריין אָט די רויטע לינזן, ווייל איך בין זייער הונגעריק!

האָט אים יעקב געענטפערט:

— אַז דו וועסט מיר פאַרקויפן דיין בכורה און איך וועל האָבן די רעכט פון אַן עלטערן ברודער, וועל איך דיר אַריינגיסן אין מויל אַריין די רויטע לינזן.

האָט עשיו געזאָגט צו יעקבן:

— צו וואָס דאַרף איך די בכורה, אַז איך שטאַרב דאָך שוין! עשיו האָט געמיינט, אַז ער שטאַרבט שוין פון הונגער, האָט ער ברייט אויפגעעפנט זיין מויל, ווי אַ קעמל, און יעקב האָט אים אַריינגעגאָסן אין מויל אריין דעם טאָפּ רויטע לינזן.

אַזוי האָט עשיו פאַרקויפט יעקבן די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזן.

---

בכורה — בכוירע. מלחמה — מילכאָמע. עצה — איצע. בכור — בכאָר.

# יצחק בענטשט יעקבן.

יצחק איז געוואָרן אַלט און שוואַך און זיינע אויגן זענען טונקל געוואָרן. ער האָט געפילט, אַז עס קומט שוין אָן דער טאָג, ווען ער דאַרף שטאַרבן. האָט יצחק גערופן צו זיך זיין זון עשיו און צו אים געזאָגט:

— איך בין שוין אַלט און שוואַך און עס איז שוין נאָענט דער טאָג, ווען איך וועל זיך אומקערן צו מיינע עלטערן. דו ביסט דאָך מיין בכור, וויל איך דיך בענטשן פאַר מיין טויט. גיי אין פעלד אַריין, פאַנג אַ חיה און מאַך פאַר מיר א גוטע שפייז, אזוי ווי איך האָב ליב, וועל איך דיך בענטשן.

האָט עשיו אָנגעטאָן די פעלד-קליידער, גענומען פייל און בויגן און איז אַוועק אין פעלד אַריין.
אין דער צייט, וואָס יצחק האָט גערעדט מיט זיין זון עשיו, איז רבקה געשטאַנען ביי דער טיר און זיך אַלץ צוגעהערט, וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט צו עשיון און געטראַכט ביי זיך אין האַרצן:

— יעקב איז דאָך בעסער פאַר עשיון, טאָ פאַרוואָס זאָל דער טאַטע בענטשן עשיון?

האָט זי גערופן צו זיך יעקבן און האָט צו אים געזאָגט:
— יעקב, מיין קינד, איך האָב געהערט, אַז דיין טאַטע וויל פאַרן טויט בענטשן דיין ברודער עשיון, אָבער איך וויל, אַז דער טאַטע זאָל דיך בענטשן, זאָלסטו טאָן, אַזוי ווי איך וועל דיר הייסן. איך וועל נעמען אַ יונג, ווייך ציגעלע און איך וועל עס אָפּקאָכן און איך וועל מאַכן אַ שפּייז, אַזוי ווי דיין טאַטע

האָט ליב און דו ווערסט דאָס אים ברענגען און אז דער טאַטע וועט דיך פרעגן, ווער דו ביסט, זאָלסטו זאָגן, אַז דו ביסט זיין זון עשיו, וועט ער דיך בענטשן.

האָט יעקב געזאָגט:

— מאַמע, ווי וועל איך קאָנען אָפּנאַרן מיין פאָטער? מיין ברודער עשיו איז דאָך אַ האָריקער און איך בין אַ גלאַטער און אַז דער טאַטע וועט אָנטאפּן מיינע הענט, וועט ער דאָך דערקענען, אַז דאָס בין איך, זיין זון יעקב און איך האָב אים אָפּגענאַרט, וועט ער מיר דאָך שעלטן און נישט בענטשן! [illegible] האָט זי יעקבן אָנגעטאָן די פעלעכלעך פון דעם

ציגעלע, וואָס זי האָט געשחטן און יעקבס הענט זענען אויסגעקומען האָריקע, ווי עשיוס הענט. דאַן האָט רבקה געגעבן איר זון יעקבן די גוטע שפייז פאַרן פאָטער און געזאָגט:

— גיי, יעקב מיין קינד, צום פאָטער און ער וועט דיך בענטשן אָנשטאָט דיין ברודער עשיו.

עשיו האָט זיך אין פעלד געיאָגט נאָך אַ הירש און אים נישט געקאָנט כאַפּן. איז דערווייל אַוועק דער טאָג און עשיו איז נישט צוריקגעקומען פון פעלד מיט זיין פאַנג. דערווייל איז יעקב געקומען צו זיין פאָטער מיט די גוטע שפייז און אַז דער טאַטע האָט געפרעגט:

— ווער ביסטו, מיין קינד?

האָט יעקב געענטפערט:

— דאָס בין איך, דיין זון עשיו, און איך האָב דיר געבראַכט גוטע שפּייז, אַזוי ווי דו האָסט ליב, פאָטער.

— אַזוי גיך, מיין קינד, ביסטו געקומען פון פעלד מיט אַ פאַננג? — האָט זיך דער פאָטער געוווּנדערט און יעקב האָט געענטפערט:

— גאָט, דער גאָט פון מיינע עלטערן, איז מיר געקומען צו הילף און דערפאַר איז מיר די פאַנג אַזוי גיך געלונגען.

— אָבער דער קול איז דאָך פון יעקבן! — האָט זיך דער פאָטער ווידער געוווּנדערט און אים צוגערופן נאָנט צו זיך:

— קום נאָר צו מיר מיין קינד, לאָמיר נאָר אָנטאַפּן דיינע הענט.

ווען יצחק האָט אָנגעטאַפּט יעקבס הענט, האָט ער אויסגערופן מיט גרויס פאַרוווּנדערונג:

— דער קול איז יעקבס און די הענט זענען עשיוס הענט!

יצחק האָט אָבער אָנגענומען די גוטע שפּייז, געגעסן און געבענטשט יעקבן:

— גאָט זאָל דיר געבן, דיינע ערד זאָל זיין פעט און זאָלסט האָבן גענוג פון דעם טוי פון דעם הימל. דו וועסט הערשן איבער דיינע ברידער און זיי וועלן דיך דינען. פון דיר וועט אַ גרויס פאָלק אַרויסקומען, וואָס וועט ירשענען אָט דאָס גאַנצע לאַנד. ווער עס וועט דיך שעלטן, זאָל זיין פאַרשאָלטן און ווער עס וועט דיך בענטשן, זאָל זיין געבענטשט!

באַלד ווי יצחק האָט געענדיקט בענטשן יעקבן און ווי יעקב איז נאָר אַרויס פון געצעלט, איז עשיו אָנגעקומען פון פעלד.

ווי עשיו האָט נאָר געלאָזט הערן זיין קול, האָט יצחק באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ איז געווען יעקב און האָט אויסגענאַרט זיין ברודער עשיוס ברכות.

אַז עשיו האָט זיך דערפון דערוווסט, האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין:

— שוין דאָס צווייטע מאָל ווי מיין ברודער יעקב נאַרט מיך אָפּ. איינמאָל האָט ער מיר אויסגענאַרט די בכורה און איצט האָט ער מיר אויסגענאַרט דעם פאָטערס ברכות.

דערויף האָט דער טאַטע געענטפערט:

— איך האָב אים שוין געבענטשט און זאָל ער זיין געבענטשט! האָט עשיו זיך אָנגעהויבן צו בעטן:

— האָסט שוין נישט מער קיין ברכות? בענטש מיך אויך פאָטער! און עשיו האָט שטאַרק געוויינט און געקלאָגט. האָט אים דאַן דער פאָטער געבענטשט:

— זאָלסט אויך האָבן פעטע ערד און טוי פון הימל. אויף דיין שווערד וועסטו לעבן, אָבער דיין ברודער וועסטו דאַרפן דינען!

איז עשיו אין כעס געוואָרן אויף זיין ברודער יעקב און געטראַכט:

— זאָל נאָר דער טאַטע שטאַרבן, וועל איך מיין ברודער יעקב הרגענען, ווייל ער האָט מיך צוויי מאָל אָפּגענאַרט.

רבקה האָט זיך דערוווּסט, אַז עשיו זוכט צו הרגענען זיין ברודער יעקבן, האָט זי יעקבן גערופן צו זיך און צו אים געזאָגט:

— יעקב, מיין קינד, דיין ברודער עשיו איז אויף דיר אין כעס פאַר דער בכורה, וואָס ער האָט דיר פאַרקויפט און פאַר די ברכות, וואָס דו האָסט באַקומען פון דיין פאָטער און זיי וויסן, אַז דיין ברודער עשיו וויל דיך הרגענען. נעם גיך און אַנטלויף פון דאַנען און זאָלסט קומען צו מיין ברודער לבן אין פדן ארם און זאָלסט דאָרט זיין אַזוי לאנג, ביז עס וועט זיך שטילן דיין ברודערס כעס.

יצחקן האָט רבקה געזאָגט, אַז זי וויל נישט, אז איר זון יעקב זאָל נעמען פאר אַ פרוי איינער פון די טעכטער פון כנען. דערפאַר שיקט זי אים אַוועק פון דער היים, ער זאָל גיין צו איר ברודער לבן, קיין פדן ארם.

איז יעקב אַוועק פון דער היים אין אַ ווייטן, אומבאַקאַנטן וועג.

---

ברכות — בראָכעס. פדן ארם — פאַדאַן אראַם.

# יעקבס חלום.

יעקב איז אַוועק אין אַ ווייטן וועג דורכן מדבר, קיין פּדן ארם. יעקב איז נאָך געווען יונג און דעם ערשטן מאָל געוואַנדערט אויף אַן אומבאַקאַנטן וועג און אין שרעק פאַר זיין ברודער עשיו, פאַר וועלכן ער איז אנטלאָפן, ווייל ער האָט אים געוואָלט הרגענען. האָט יעקב געבעטן צו גאָט:

— העלף מיר גאָט אין דעם ווייטן, אומבאַקאַנטן, געפערלעכן וועג!

דערווייל איז צוגעפאַלן די נאַכט און יעקב איז געבליבן אין דער פינצטערער נאַכט איינער אַליין אין אַ וויסטעניש, וווּ עס האָבן געוואַנדערט ווילדע חיות. האָט יעקב צוזאַמענגעקליבן די שטיינער פון אַרום, זיך אַרומגעצוימט, אַז קיין ווילדע חיות זאָלן צו אים נישט קאָנען צוקומען און ער האָט זיך געלייגט שלאָפן און אונטערן קאָפּ האָט ער אויך אונטערגעלייגט אַ שטיין. יעקב איז מיד געווען פון דעם שווערן וועג און ער איז האַרט איינגעשלאָפן.

האָט זיך יעקבן געחלומט אַ חלום, ווי ער זעט אַ גרויסן לייטער, וואָס זיין שפּיץ דערגרייכט ביזן הימל און מלאכים פון הימל גייען אַראָפּ אויף דעם לייטער צו דער ערד און גייען צוריק דורך דעם לייטער ארויף אויפן הימל.

און יעקב האָט דערהערט דעם קול פון גאָט, וואָס האָט צו אים געזאָגט:

— איך בין דיין גאָט, דער גאָט פון דיינע עלטערן, איך וועל דיך היטן אויף דעם גאַנצן וועג, ווו דו גייסט, ביז דו וועסט צוריקקערן צו דיין פאָטערס הויז.

די ערד, אויף וועלכער דו ליגסט, וועל איך דיר און דיינע קינדער אָפּגעבן און פון דיר וועט אַרויסקומען אַ גרויס פאָלק, וואָס וועט זיין פיל ווי זאַמד אויף דער ערד!

האָט זיך יעקב אויפגעכאַפּט און דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט.

— דאָס אָרט, ווו איך בין געלעגן, איז דאָך הייליק! אָט דאָ איז דער טויער פון הימל און איך האָב דאָס נישט געוווסט!

האָט יעקב גענומען פון די שטיינער פון אָרט און געמאַכט אַן אַלטאַר צו גאָט אַלס אן אָנדענק פון דעם וווּנדערלעכן חלום, וואָס ער האָט געזען אויף דעם אָרט. דאַן האָט יעקב געבעטן ביי גאָט:

— העלף מיר גאָט און פיר מיך אויף דעם געפערלעכן וועג! גיב מיר ברויט צו עסן און אַ קלייד אָנצוטאָן ביז דו וועסט מיך אומקערן צו מיין פאָטערס הויז! וועל איך דיר דינען און דו וועסט זיין מיין גאָט!

דאַן איז יעקב אויפגעשטאַנען און ווייטער אַוועק אין זיין וועג, קיין פדן ארם.

---

חלום — כאָלעם. געחלומטט — געכאָלעמט.

# יעקב און רחל.

יעקב איז צוגעקומען צו דער שטאָט פדן ארם. ווען די פּאַסטוכער האָבן אין פעלד זיך געזאַמלט מיט זייערע טשע-רעדעס אַרום אַ ברונעם. די זון איז נאָך געשטאַנען אויפן מיטן הימל און דער טאָג איז נאָך געווען גרויס.

האָט יעקב געפרעגט ביי די פּאַסטוכער:

— פאַרוואָס זאַמלט איר שוין איין די שאָף, עס איז דאָך נאָך גרויס דער טאָג!

האָבן די פּאַסטוכער געענטפערט:

— מיר פאַרזאַמלען נאָך נישט די שאָף און מיר גייען נאָך נישט אַוועק פון פעלד, נאָר מיר ווילן אָנטרינקען אונדזערע שאָף און אויפן ברונעם ליגט אַ גרויסער, שווערער שטיין, דאַרפן זיך אַלע פאַרטוכער צוזאַמענעמען אַראָפּצוקייקלען דעם שטיין פון דעם ברונעם און אָנצוטרינקען די שאָף.

אַז יעקב האָט דאָס דערהערט, איז ער צוגעגאַנגען צום ברונעם און אַליין אַראָפּגעקייקלט דעם שטיין פון ברונעם. אין דעם איז אָנגעקומען אַ יונג, שיין פּאַסטוך-מיידל און צוגעקומען מיט איר טשערעדע צום ברונעם.

האָט יעקב דאָס מיידל באַגריסט און ביי איר געפרעגט:

— ווער ביסטו און וועמעס טאָכטער ביסטו?

און אַז יעקב האָט זיך דערוווסט, אַז דאָס מיידל איז רחל, די טאָכטער פון לבן, זיין מוטערס ברודער און אַז דאָס מיידל

האָט זיך דערוווּסט, אַז ער איז יעקב, דער זון פֿון רבֿקה, איר פֿאָטערס שוועסטער, האָבן זיי זיך זייער שטאַרק דער־פֿרייט און האָבן זיך צעקושט.

אַז לבֿן האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין שוועסטער רבֿקהס זון איז געקומען, איז ער אים אַרויס אַנטקעגן, זיך מיט אים געהאַלדזט און געקושט און אים אַריינגענומען צו זיך אין הויז.

האָט לבֿן געזאָגט צו יעקבֿן:

— זיי ביי מיר, דו ביסט דאָך מיין בלוט און פֿלייש, וועסטו ביי מיר פּאַשען מיינע שאָף, אָבער נישט אומזיסט: זאָג, וואָס ווילסטו זאָל זיין דיין לוין?

האָט יעקב געענטפֿערט:

— גוט, איך וועל ביי דיר אַרבעטן און איך וועל פּאַשען דיינע שאָף און איך וויל, אַז מיין לוין זאָל זיין, איך זאָל אַרבעטן זיבן יאָר פֿאַר דיין ייִנגערער טאָכטער רחל.

לבֿן האָט געהאַט צוויי טעכטער: לאה און רחל. רחל איז געווען ייִנגער און שענער פֿאַר לאהן. האָט יעקב ליב באַקומען דער יונגער און שיינער רחל און פֿאַר איר געאַרבעט ביי זיין אָנקל לבֿן זיבן יאָר און די זיבן יאָר זענען פֿאַר יעקבֿן געווען ווי זיבן טעג, אַזוי שטאַרק האָט יעקב ליב געהאַט רחלען.

---

רחל — ראָכעל. לאה — לייע.

# לאה און רחל.

לבנס עלטערע טאָכטער, לאה, איז נישט געווען אַזוי שײן ווי איר ייִנגערע שוועסטער, רחל. לאה האָט געהאַט שוואַכע אויגן און זי האָט אויסגעזען שלעכט און אויסגעצערט.

יעקב האָט געדינט ביי לבנען זיבן יאָר פאַר זיין געליבטער רחל. אָבער לבן האָט אים אָפּגענאַרט. אַז עס איז געקומען די צייט פון די זיבן יאָר און לבן האָט געמאַכט אַ גרויסע פייערונג, האָט ער יעקבן געגעבן לאהן פאַר אַ פרוי, אַנשטאָט רחלען.

האָט יעקב געפרעגט מיט ווייטיק:

— פאַרוואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט? איך האָב דאָך מיט דיר גערעדט, אַז איך וועל דיר דינען זיבן יאָר פאַר דיין ייִנגערער טאָכטער, רחל!

האָט לבן געענטפערט:

— ביי אונדז פירט זיך נישט, אַז עס זאָל חתונה האָבן די ייִנגערע פאַר דער עלטערער. אויב דו וועסט אַרבעטן ביי מיר נאָך זיבן יאָר, וועל איך דיר געבן מיין טאָכטער רחל פאַר אַ ווייב.

האָט יעקב געאַרבעט ביי לבנען פערצן יאָר און האָט געהאַט לבנס צוויי טעכטער פאַר ווייבער: לאה און רחל. יעקב האָט אָבער זיין ווייב רחל ליבער געהאַט פאַר דער ווייב לאה, ווייל מיט לאהן האָט אים לבן אָפּגענאַרט.

אין אַ צייט אַרום האָט יעקב אויך זיין ווייב לאה ליב באַקומען.

---

חתונה — כאַסענע

# יעקב מיט זיין פאמיליע פארלאָזן לבנען.

יעקב האָט געהאַט צוויי ווייבער און אַ גרויסע פאַמיליע; צוועלף זין און איין טאָכטער. יעקבס צוויי ווייבער זענען געווען לאה און רחל און זיינע צוועלף זין האָבן געהייסן; ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבולון, גד, אָשר, דן, נפתלי, יוסף און בנימין און די טאָכטער האָט געהייסן דינה.

יעקב האָט שוין געהאַט זייער פיל שאָף און רינדער, דינערס און דינסטן און אַ גרויס פאַרמעגן. האָט יעקב געזאָגט צו זיינע ווייבער:

— גענוג האָב איך שוין געדינט ביי אייער פאָטער לבן. איך וויל זיך שוין אומקערן אַהיים.

האָט יעקב גענומען זיינע פרויען און קינדער, דינערס, דינסטן, שאָף און רינדער און זיין גאַנץ פאַרמעגן און איז אַוועק פון לבנס הויז, זיך אומצוקערן צוריק אין זיין היים, אין לאַנד כנען.

---

ראובן — ראוּוען. שמעון — שימוין. לוי — לייווי. יהודה — יעהודאַ.
יששכר — יעסאַסכאַר. זבולון — זוולון. גד — גאַד. אָשר — אָשער.
דן — דאַן. נפתלי — נאַפטאַלי. יוסף — יאָסעף. בנימין — ביניאָמין.
דינה — דינע.

# יעקב ראנגלט זיך מיט א מלאך.

עשיו איז דורך דער צייט געוואָרן דער קעניג פון לאַנד אדום. האָט עשיו געהאַט זיין מלאך, וואָס פלעגט פאַר אים פירן זיינע מלחמות און שלאָגן זיינע פיינט. אַז עשיו האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין ברודער יעקב האָט פאַרלאָזן לבנס הויז מיט אַ גרויסער פאַמיליע, מיט אַ גרויסער צאָל שאָף און מיט א גרויס פארמעגן, האָט זיך אין אים דערוועקט דער אַלטער כעס אויף זיין ברודער און ער איז אַרויס קעגן אים מיט פיר הונדערט מאַן און זיין מלאך איז געגאַנגען פאָרויס מלחמה האַלטן מיט יעקבן.

אין מיטן נאַכט האָט זיך דער מלאך באַגעגנט מיט יעקבן און האָט אים געוואָלט טויטן. האָט יעקב אַ גאַנצע נאַכט זיך געראַנגלט מיטן מלאך, ווייל יעקב איז געווען אַ גיבור און דער מלאך האָט אים נישט געקאָנט בייקומען. פאַרטאָג האָט יעקב דעם מלאך צעבראָכן אַ פליגל און דער מלאך האָט יעקבן אויסגעלינקט אַ פוס.

מיטאַמאָל אָבער האָט דער מלאך דערהערט אַ געזאַנג. דאָס איז געווען דער געזאַנג, וואָס די מלאכים זינגען יעדן פרי־מאָרגן אין הימל און קיין מלאך טאָר צו דעם געזאַנג נישט פעלן.

האָט דער מלאך זיך אָנגעהויבן בעטן ביי יעקבן, ער זאָל אים אָפּלאָזן, ווייל ער מוז זיך אומקערן אין הימל אַריין צום פרימאָרגן־געזאַנג. האָט יעקב געזאָגט צום מלאך:

— ניין, איך וועל דיך נישט אָפּלאָזן, ביז דו וועסט מיך נישט בענטשן!
האָט אים דער מלאך געפרעגט:
— ווי איז דיין נאָמען?
האָט יעקב געענטפערט:
— מיין נאָמען איז יעקב!
האָט דער מלאך געזאָגט צו יעקבן:
— פון היינט אָן וועט דיין נאָמען זיין ישראל, ווייל דו האָסט זיך געראַנגלט מיט אַ געטלעכן מלאך און דו האָסט אים בייגעקומען!
יעקב האָט באַפרייט דעם מלאך און דער מלאך איז אַרויפגעפלויגן אין הימל אַריין.
פון דאַן אָן האָט שוין יעקב געהייסן ישראל און די קינדער פון ישראל איז דאָס יידישע פאָלק.

---

אדום — עדוים. גיבור — גיבער. ישראל — ייסראָעל.

# עשיו בעט זיך איבער מיט יעקבן.

יעקב האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין ברודער עשיו גייט אַנטקעגן אים מיט פיר הונדערט מאַן און דאָס האָט אים זייער באַנג געטאָן. ער האָט נישט געוואָלט מלחמה האַלטן מיט זיין ברודער.

האָט יעקב געשיקט צו זיין ברודער עשיו מענטשן מיט מתנות פון זיינע בעסטע שאָף און אַזוי אָנגעזאָגט די מענטשן: —
— איר זאָלט רעדן מיט מיין ברודער עשיו ווייכע רייד. איר

זאָלט זאָגן, אַז גאָט האָט געהאָלפן זיין דינער יעקב מיט אַלדאָס גוטס. אָט גייט ער אַנטקעגן זיין האַר עשיו און וויל מיט אים שלום מאַכן און דערפאַר שיקט ער צו זיין האַר מתנות פון זיינע בעסטע שאָף און זאָל ער מער נישט אין כּעס זיין אויף זיין דינער יעקב!

זיין לאַגער האָט דערווייל יעקב צוגעגרייט צו דער מלחמה. אויב זיין ברודער עשיו וועט זיך נישט וועלן מיט אים איבער־בעטן, די יונגע, שטאַרקע פאַסטוכער האָט יעקב געשיקט פאָרויס, דערנאָך די שאָף מיט די עלטערע, שוואַכערע פאַס־טוכער און פון הינטן האָט יעקב געלאָזט זיינע ווייבער מיט די קינדער.

יעקב איז אָבער געוואָרן איבערראַשט, אַז ער האָט דערזען, אַז זיין ברודער עשיו קומט אים אַנטקעגן מיט פרייד און מיט גוטע רייד:

— איך דאַנק דיר, ברודער, פאַר דיינע מתנות. איך האָב גענוג פון אַלדאָס גוטס און ווער זענען דאָס די אַלע, וואָס גייען מיט דיר? — האָט עשיו ברידערלעך געפרעגט.

— דאָס זענען מיינע ווייבער און מיינע קינדער און אַלץ, מיט וואָס גאָט, דער גאָט פון מיינע עלטערן האָט מיך באַ־גליקט! — האָט יעקב געענטפערט.

און די ברידער האָבן זיך אַרומגענומען, זיך געהאַלדזט און געקושט און אַ לאַנגע צייט פון פרייד געוויינט.

---

מתנות — מאַטאָנעס. שלום — שאָלעם.

# יוסף.

מער פון אַלע זיינע קינדער האָט יעקב ליב געהאַט יוספן, דעם זון פון זיין געליבטער פרוי רחל, וועלכע איז געשטאָרבן אין וועג, ווען עס איז געבוירן געוואָרן בנימין, יעקבס יינגסטער זון.

יוסף איז געווען זייער אַ שיינער. אַ טייל מענטשן האָבן געזאָגט אויף יוספן, אַז ער איז ענלעך צו זיין שיינער מוטער רחל און אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ער איז ענלעך צו זיין פאָטער, ווייל יעקב איז אין דער יוגנט אויך געווען זייער אַ שיינער.

אין דער צייט, וואָס יוספס ברידער זענען געזעסן אין פעלד און געפּאַשעט דעם פאָטערס שאָף, איז יוסף געזעסן אין זיין פאָטערס געצעלט און דער פאָטער האָט אים געצערטלט און געגלעט זיינע שיינע, בלאָנדע לאָקן.

דאָס האָט יוספס ברידער פאַרדראָסן און זיי האָבן אים מקנא געווען און וואָס מער דער פאָטער האָט יוספן ליב געהאַט, אַלץ מער האָבן אים זיינע ברידער פיינט געהאַט.

איינמאָל האָט יעקב געמאַכט פאַר זיין געליבטן זון יוסף אַ שיין, קאָלירט זיידן העמדל און יוסף האָט זיך דערמיט גרויס געהאַלטן און זיך באַוויזן פאַר זיינע ברידער און די ברידער האָבן אים דערפאַר פיינט געהאַט און געזוכט אים צו טאָן שלעכטס און אייניקע פון זיי האָבן אפילו געטראַכט אים צו טויטן.

---

מקנא — מעקאַנע.

# יוספס חלומות

יוסף פלעגט זייער אָפט חלומען און ער פלעגט זיינע חלומות דערציילן זיינע ברידער און אַמאָל אויך דעם פאָטער.

די חלומות האָבן נאָך מער אַריינגעבראַכט אין כעס זיינע ברידער, ווייל זיי האָבן דערקענט אין יוספס חלומות, אַז ער וויל איבער זיי הערשן און זיי זאָלן ווערן זיינע שקלאַפן. ער טראַכט וועגן דעם גאַנצע טעג און דאָס חלומט זיך אים ביינאַכט.

איינמאָל האָט יוסף דערציילט זיינע ברידער אַזאַ חלום:

עס איז די צייט פון שניט אויף די פעלדער. ער מיט זיינע ברידער אַרבעטן אין פעלד, שניידן די זאַנגען און בינדן צונויף די זאַנגען אין גאַרבן. מיטאַמאָל דערזעט ער ווי עלף גאַרבן, וואָס זיינע ברידער האָבן צונויפגעבונדן שטעלן זיך אויס אין אַ ראָד, נעמען אַריין זיין גאַרב אין דער מיט און זיי בוקן זיך צו זיין גאַרב.

די ברידער האָבן אויסגעהערט דעם חלום און זענען אויף יוספן אין כעס געוואָרן.

— וואָס מיינסטו — האָבן זיי גענומען שרייען — דו וועסט איבער אונדז הערשן און מיר אַלע וועלן זיך צו דיר בוקן? מיר וועלן שוין זען, וואָס עס וועט ווערן פון דיינע חלומות; און זיי האָבן געטראַכט אים צו טויטן, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט, אפשר וועט טאַקע אַזוי זיין, אַז ער זאָל ווערן א הערשער איבער זיי. דער פאָטער האָט דאָך אים ליבער פאַר זיי.

אַ צווייטן מאָל האָט יוסף געזען אין חלום ווי די זון, די לבנה און עלף שטערנס בוקן זיך צו אים. דעם צווייטן חלום האָט יוסף דערציילט זיינע ברידער און זיין פאָטער און דאָס האָט שוין דעם פאָטער אויך פאַרדראָסן און ער האָט זיך געבייזערט אויף יוספן:

— איז דיר ווייניק, אַז דיינע ברידער זאָלן זיך בוקן פאַר דיר?! ווילסטו אויך, אַז דיין אַלטער פאָטער זאָל זיך פאר דיר בוקן און דיין פרשטאָרבענע מוטער זאָל אויפשטיין פון קבר און קומען צו דיר זיך בוקן?!

האָט זיך יוסף פאַרשעמט און געטראַכט: — מער וועל איך שוין קיין חלומות נישט דערציילן. אָבער דער טאַטע האָט געגלויבט, אַז זיין געליבטן זונס חלומות וועלן נאָך אַמאָל מקוים ווערן און יוסף וועט נאָך זיין אַ גרויסער מענטש און מען וועט זיך נאָך דאַרפן פאַר אים בוקן, אַזוי ווי ער זעט אין זיינע חלומות.

די ברידער אָבער, האָבן באַשלאָסן יוספן צו טויטן און פטור צו ווערן פון אים און פון זיינע חלומות.

---

מורא — מוירע. אפשר — עפשער. קבר — קייווער. מקוים — מעקויעם. פטור — פאָטער.



# די ברידער פארקויפן יוספן פאר א שקלאף

איינמאָל, אין אַ פרימאָרגן, זאָגט יעקב צו יוספן:

— דיינע ברידער פאַשען היינט אין אַ ווייט פעלד. גיי מיין קינד צו זיי, טראָג זיי אַוועק עסן און זע צי זיי האָט עפּעס נישט פּאַסירט און קום באַלד צוריק מיר דערציילן, צי זיי זענען אַלע געזונט.

יוסף האָט געטאָן ווי זיין פאָטער האָט אים געהייסן. ער איז געגאַנגען אין אַ ווייטן וועג און אַ לאנגע צייט געבלאָנדזשעט, ביז ער האָט פון דערווייטנס דערזען זיינע ברידער מיט זייערע שאָף.

ווי די ברידער האָבן אים דערזען, האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— מיר זענען אַוועק ווייט, ער זאָל אונדז נישט קאָנען געפינען און ער האָט אונדז אויפגעזוכט און געקומען אונדז דערציילן זיינע חלומות און זיך פאַר אונדז באַרימען.
אַ צווייטער האָט געזאָגט:

— אָט קומט ער, דער פוסטער פאַנטאַזיאָר, מיט זיינע חלומות, אָבער מיר וועלן היינט אַ סוף מאַכן צו זיינע חלומות!

— לאָמיר אים הענגען! — האָט אַ דריטער אויסגערופן. ווען יוסף איז שוין צוגעקומען נאָנט און עטלעכע פון די ברידער האָבן זיך שוין אַ נעם געטאָן צו יוספן. אָבער דער עלטסטער ברודער האָט זיך אַריינגעמישט.

— וואָס וועט אונדז נוצן, אַז מיר וועלן הענגען אונדזער

ברודער? — האָט זיך ראובן אָנגענומען פאַר זיין ברודער און נישט געלאָזט זיי זאָלן אים טויטן.

— אָט האָב איך אַ בעסערן פּלאַן — האָט ראובן ווייטער גערעדט — לאָמיר אים אַריינוואַרפן אין אַ ליידיקן גרוב און ער וועט דאָרט אַליין אויסגיין פון הונגער און פון דורשט און מיר וועלן נישט דאַרפן פאַרגיסן אונדזער ברודערס בלוט. ראובן האָט געטראַכט:

— זאָלן נאָר די ברידער אַוועקגיין, וועל איך אים שוין אַרויס־נעמען פון גרוב! — ווייל ער האָט נישט געוואָלט, אַז זיין ברודער זאָל שטאַרבן. די ברידער האָבן ראובנס געדאַנק נישט געוווסט און זיי האָבן געכאַפּט יוספן, אַראָפּגעצויגן פון אים זיין זיידענע העמדל, אים געבונדן און אים אַריינגעוואָרפן אין גרוב אַריין.

— יוסף וועט שוין שטאַרבן אין גרוב צוזאַמען מיט זיינע חלומות! — האָבן די ברידער געטראַכט און זיי האָבן צופרי־דענע זיך געזעצט עסן.

דערווייל האָט אַ צווייטער פון די ברידער, יהודה, פאַרטראַכט אַן אַנדער פּלאַן, ווי צו ראַטעווען יוספן פון טויט.

— מען דאַרף אים פאַרקויפן פאַר אַ שקלאַף, וועט ער דאָך בלייבן לעבן און קאָן נאָך אַמאָל פריי ווערן אויך!... אין דעם זענען אָנגעקומען אַ גרופּע אַראַבער מיט קעמלען און זיי זענען געגאַנגען אויפן וועג קיין מצרים.

— ברידער! — האָט יהודה אויסגערופן — וואָס וועלן מיר האָבן, אַז מיר וועלן טויטן אונדזער ברודער, אפילו ווען מיר

וועלן זיין בלוט נישט פֿאַרגיסן? לאָמיר אים בעסער פֿאַר־קויפֿן פֿאַר אַ שקלאַף, פֿאַר אזא יונגן שקלאַף ווי אונדזער ברודער יוסף, וועלן מיר אָפּנעמען זייער פֿיל געלט!

די ברידער איז יהודהס פּלאַן זייער שטאַרק געפֿעלן געוואָרן, האָבן זיי יוספֿן אַרויסגעצויגן פֿון גרוב און אים פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ שקלאַף פֿאַר צוואַנציק טאַלער און יוספֿס העמדל האָבן זיי איינגעטונקען אין בלוט פֿון אַ געשחטן ציגעלע, דאָס זאָל הייסן, אַז אַ ווילדע חיה אין פֿעלד האָט יוספֿן צעריסן.

ראובֿן איז נישט געווען דערבײַ, ווען די ברידער האָבן יוספֿן פֿאַרקויפֿט פֿאַר א שקלאַף און ווען די ברידער זענען אַוועק, איז ער צוגעגאַנגען צום גרוב און אז ער האָט דעם גרוב געפֿונען ליידיק, האָט ער פֿאַרבראָכן די הענט און זיך צעוויינט.

די ברידער זענען דערווייל אַוועק אַהיים מיט יוספֿס פֿאַר־בלוטיקט העמדל און האָבן געזאָגט צו זייער אַלטן פֿאָטער:
— דערקענסטו, טאַטע, דאָס העמדל?

און דער טאַטע האָט זיין געליבטן זונס העמדל באַלד דער־קענט און ער האָט אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין:
— מיין קינד, יוספֿס העמדל! יוסף איז צעריסן געוואָרן! אַ ווילדע חיה האָט אים פֿאַרצוקט!

לאַנג האָט דער אַלטער פֿאָטער געטרויערט נאָך זיין באַליבט קינד און זיך נישט געקאָנט טרייסטן.

יוסף איז דערווייל אָנגעקומען קיין מצרים און איז דאָרט פֿאַרקויפֿט געוואָרן פֿאַר א שקלאַף.

---

מצרים — מיצראַים. געשחטן — געשאָכטן.

# יוסף אין טורמע

אין מצרים איז יוסף פאַרקויפט געוואָרן פאַר אַ שקלאַף צו איינעם פון דעם קעניג פרעהס דינער מיטן נאָמען פּוטיפר. יוסף איז געווען יונג, שיין, קלוג און געראָטן. איז ער זיין האַר פּוטיפר זייער געפעלן געוואָרן און ער האָט אים באַשטימט פאַרן עלטסטן איבער אַלע זיינע דינער און יוספן איז ביי פּוטיפרן גוט געווען.

פּוטיפרס ווייב איז אָבער געווען שלעכט און כימרע ווי אַ שלאַנג. האָט זי אויסגעטראַכט אויף יוספן, אַז ער איז פויל, ער פאָלגט זיך נישט און ער איז נישט ערלעך און זי האָט זיך באַקלאָגט אויף יוספן פאַר איר מאַן, פּוטיפר. איז פּוטיפר אין כעס געוואָרן אויף יוספן און האָט אים אַריינגעזעצט אין טורמע, וווּ עס ווערן אַרעסטירט אַזעלכע, וואָס פאָלגן נישט דעם קעניג פרעה און זיינע דינער.

אָבער אויך אין טורמע האָט יוסף זיך אויסגעצייכנט מיט זיין חכמה און דער פאַרוואַלטער פון טורמע האָט יוספן באַשטימט פאַר אַן אויפזעער איבער אלע אַרעסטירטע און דער אויפזעער פון טורמע און אַלע אַרעסטירטע האָבן יוספן ליב באַקומען און עס איז יוספן אין טורמע גוט געווען.

---

פרעהס — פּאַרעס. פּוטיפר — פּאָטיפאַר.

# דער בעקער און דער ווייַנטרעגער.

צוזאַמען מיט יוספן זענען געזעסן אין טורמע צוויי פון דעם קעניג פרעהס דינער, אַ בעקער און אַ ווייַנטרעגער.

ביידע האָבן זיך פאַרזינדיקט פאַרן קעניג פרעה.

דער בעקער — ווייל אין דעם קעניגלעכן ברויט האָט מען געפונען אַ שפענדל און דער ווייַנטרעגער — ווייל אין דעם קעניגלעכן וויין האָט מען געפונען אַ פליג. האָט מען דעם בעקער און דעם ווייַנטרעגער אַרייַנגעזעצט אין טורמע און זיי האָבן געוואַרט אויף זייער משפט. האָבן זיי נישט געוווּסט וואָס מיט זיי וועט זיין, צי דער קעניג פרעה וועט זיי הייסן באַפרייען, צי ער וועט זיי הייסן טויטן.

איינמאָל האָט דער ווייַנטרעגער אין שלאָף געזען אַ חלום, ווי ער שטייט אין וויינגאָרטן און ער זעט אַ בוים מיט דריי צווייגעלעך, אָנגעלאָדענע מיט ווייַנטרויבן און ער קוועטשט אויס די ווייַנטרויבן אין אַ בעכער אַריין און דערנאָך דערלאַנגט ער דעם קעניג פרעה אַ בעכער וויין.

דער ווייַנטרעגער איז געקומען צו יוספן און אים דערציילט זיין חלום און אים געבעטן ער זאָל אים דערקלערן זיין באַדייט.

האָט יוסף געזאָגט צום ווייַנטרעגער:

— דיין חלום איז זייער אַ גוטער. אין דריי טעג אַרום וועט זיך פרעה אין דיר דערמאָנען און וועט דיך הייסן באַפרייען און דו וועסט ווידער דעם קעניג פרעה דערלאַנגען דעם בעכער וויין.

איז צו יוספן באַלד נאָכן ווײַנטרעגער געקומען דער בעקער און געזאָגט:

— אויך מיר האָט די נאַכט געחלומט און איך פֿאַרשטיי נישט וואָס מײַן חלום באַדײַט. דערקלער מיר מײַן חלום.

האָט יוסף געזאָגט:

— דערצייל, איך וועל הערן.

האָט דער בעקער דערציילט יוספֿן זײַן חלום: ער האָט געזען אין חלום, אַז ער טראָגט אויפֿן קאָפּ דרײַ קוישן מיט געבעקס, איין קויש איבערן אַנדערן און פֿון דעם דריטן קויש פּיקן די ראָבן דאָס געבעקס.

האָט זיך יוסף אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט און אַן אומעטיקער געענטפֿערט דעם בעקער:

— דײַן חלום איז זייער אַ שלעכטער. אין דרײַ טעג אַרום וועט דער קעניג פּרעה זיך אין דיר דערמאָנען און ער וועט דיך הייסן אַרויסנעמען פֿון טורמע און דיך אויפֿהענגען אויף אַ בוים און די ראָבן וועלן עסן דײַן לײַב.

און אַזוי ווי יוסף האָט געזאָגט, איז טאַקע געווען. אין דרײַ טעג אַרום האָט דער קעניג פּרעה געהייסן דעם ווײַנטרעגער באַפֿרײַען און אים צוריקשטעלן אויף זײַן פּאָסטן און דעם בעקער האָט דער קעניג פּרעה געהייסן אויפֿהענגען אויף אַ בוים. פֿאַרן אַרויסגיין פֿון טורמע, האָט דער ווײַנטרעגער צו־געזאָגט יוספֿן, אַז ער וועט בעטן פֿאַר אים ביי דעם קעניג פּרעה, ווייל ער ווייס, אַז ער איז אומזיסט אַרעסטירט. אָבער ווי נאָר דער ווײַנטרעגער איז אַרויס פֿון טורמע, האָט ער באַלד פֿאַרגעסן, וואָס ער האָט יוספֿן צוגעזאָגט און יוסף איז געבליבן זיצן אין טורמע.

---

משפט — מישפּעט.

# פרעהס חלומות.

דער קעניג פרעה האָט איינמאָל ביינאַכט געזען אין חלום ווי ער שטייט ביים ברעג פון טייך נילוס און ער זעט ווי זיבן פעטע קי קומען אַרויס פון טייך נילוס און זיי פאַשען זיך אין גראָז און באַלד דערנאָך קומען אַרויס זיבן מאָגערע קי און די זיבן מאָגערע קי וואַרפן זיך אויף די זיבן פעטע קי און זיי שלינגען זיי איין, אָבער מען דערקענט דאָס נישט אויף זיי, זיי בלייבן אַזוי מאָגער ווי פריער.

פרעה האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט געזען, אַז עס איז אַ חלום און ער איז באַלד ווידער איינגעשלאָפן און עס חלומט זיך אים ווידער, אַז ער שטייט אין פעלד און ער זעט ווי אין פעלד וואַקסן אויס זיבן פולע זאַנגען און באַלד דערנאָך וואַקסן אויס זיבן ליידיקע זאַנגען, אָן קערנער און ער זעט ווי די ליידיקע זאַנגען שלינגען איין די זיבן פולע זאַנגען, אָבער עס איז גאָרנישט אויף זיי צו דערקענען, זיי זענען געבליבן אַזוי ליידיק ווי פריער.

אין דער פרי, ווען פרעה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָט ביי אים שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ. ער האָט זיך זייער דערשראָקן פאַר די חלומות און ער האָט נישט פאַר־שטאַנען זייער באַדייט.

האָט דער קעניג פרעה גערופן צו זיך אַלע זיינע קלוגע לייט, די חכמים און די כישוף-מאַכער און געפאָדערט פון זיי אַ דערקלערונג, וואָס עס באַדייטן זיינע חלומות.

האָבן אַ טייל פון זיי געזאָגט, אַז דער קעניג פרעה וועט זיבן טעכטער האָבן און זיבן וועט ער באַגראָבן.

אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז דער קעניג פּרעה וועט זיבן לענדער איינגעמען און זיבן וועט ער פאַרלירן.

זענען אָבער די ענטפערס דעם קעניג פרעה נישט געפעלן געוואָרן און ער האָט געהייסן זוכן אַנדערע קלוגע לייט, וואָס זאָלן אים קאָנען דערקלערן זיינע חלומות.

דאַן האָט זיך דער ווייַנטרעגער דערמאָנט אין יוספן און ער האָט געזאָגט צום קעניג פרעה:

— מיט צוויי יאָר צוריק האָט פרעה זיך דערמאָנט אין זיינע דינער און ער האָט דעם בעקער געהייסן אויפהענגען און מיך, דיין דינער, האָט דער קעניג געהייסן באַפרייען. דערמאָן איך זיך ווי אין טורמע האָב איך באַגעגנט אַן אָרימען, יידישן יינגל, אַ שקלאַף, וואָס פאַרשטייט חלומות. מיר און דעם בעקער האָבן דאַן געחלומט חלומות און ווי דער יידישער יינגל האָט דערקלערט, אַזוי איז טאַקע געווען. מיך האָט דער קעניג באַגנעדיקט און דעם בעקער אויפגעהאָנגען.

האָט דער קעניג פרעה גלייך געהייסן אַרויסנעמען יוספן פון טורמע און אים ברענגען אין קעניגלעכן פּאַלאַץ.

# יוסף ביי דעם קעניג פרעה.

אויפן קעניג פרעהס באַפעל האָט מען גיך אַרויסגענומען יוספן פון טורמע, מען האָט אים אַרומגעוואַשן, אָפּגעשוירן, איבער-געטאָן אין פיינע קליידער און אים געבראַכט פאַרן קעניג פרעה.

פרעה האָט דערציילט יוספן זיינע חלומות און געזאָגט:

— קיינער פון מיינע קלוגע לייט האָט מיר נישט געקאָנט

דערקלערן מיינע חלומות. וועסטו זיי מיר קאָנען דערקלערן? האָט יוסף געענטפערט דעם קעניג פּרעה:

— גאָט פאַרשטייט דעם מענטשנס חלומות און מיט גאָטס הילף וועל איך פרעהס חלומות קאָנען דערקלערן.

און יוסף האָט ווייטער געזאָגט:

— אַלץ, וואָס גאָט וויל טאָן אין מצרים, זאָגט ער פריער דעם קעניג פּרעה.ביידע חלומות, וואָס דער קעניג פּרעה האָט געזען, זענען נאָר איין חלום. אָבער ווייל דאָס, וואָס עס וועט פּאַסירן אין מצרים, וועט קומען גאָר גיך, דערפאַר האָט

גאָט אָנגעזאָגט צוויי מאָל דעם קעניג פּרעה.

און ווייטער האָט יוסף געזאָגט:

— עס קומען אָן אין לאַנד מצרים זיבן גוטע יאָרן און עס וועט זיין גענוג פּאַשע אויף די פעלדער פאַר די שאָף און גענוג ברויט פאַר מענטשן. עס וועלן זיין אַזעלכע גוטע און זאַטע יאָרן, וואָס זענען נאָך קיינמאָל נישט געווען אין מצרים און אויך נישט אין קיין אַנדער לאַנד אין דער וועלט. אָבער ווען די זיבן גוטע יאָרן וועלן זיך ענדיקן, וועלן אין מצרים קומען זיבן שלעכטע יאָרן, און די שאָף און די מענטשן וועלן שטאַרבן פאַר הונגער. עס וועלן זיין אַזעלכע הונגער־יאָרן, וואָס זענען נאָך קיינמאָל נישט געווען אין מצרים און אויך נישט אין קיין אַנדער לאַנד אין דער וועלט.

ווען יוסף האָט געענדיקט דערקלערן דעם קעניג פּרעה זיינע חלומות, האָט דער קעניג פּרעה געזאָגט צו יוספן:

— דו האָסט פאַרשטאַנען מיינע חלומות, דאַרפסטו מיר זאָגן,

וואָס איך זאָל טאָן, אַז אין די זיבן הונגער־יאָרן זאָל איך מיט מיין פאָלק נישט אויסגיין פון הונגער, ווייל איך גלויב אין דיינע ווערטער, אַז אזוי וועט עס זיין.

האָט יוסף געענטפערט דעם קעניג פרעה:

— זאָל דער קעניג פרעה באַשטימען אַ קלוגן מענטש, וואָס זאָל אין די גוטע יאָרן אויפזאַמלען אין שפייכלערס תבואה, וואָס זאָל זיין גענוג פאַר די זיבן שלעכטע יאָר און דאָס לאַנד וועט זיך ראַטעווען פון הונגער.

דעם קעניג פרעה איז געפעלן געוואָרן יוטפס עצה און ער האָט געזאָגט צו יוספן:

— דו ביסט דער קליגסטער מענטש פון גאַנצן לאַנד מצרים און דיך וועל איך באַשטימען פאַרן פאַרוואלטער איבערן לאַנד און אַלע אין מצרים וועלן דיך מוזן פאָלגן אזוי ווי דעם קעניג פרעה, נאָר מיט מיין טראָן וועל איך שטיין העכער פון דיר!

איז יוסף געוואָרן דער פאַרוואַלטער איבערן גאַנצן לאַנד מצרים און די צווייטע האַנט פון קעניג פרעה.

און די זיבן גוטע יאָרן האָבן זיך באלד אָנגעהויבן.

---

תבואה — טווּע.



# די זיבעציק שפּראַכן.

באַלד ווי דער קעניג פּרעה האָט גרויס געמאַכט יוספן, זענען געקומען די קלוגע לייט פון מצרים צום קעניג פּרעה און האָבן געזאָגט:

— אַ גרויסער מענטש אין מצרים דאַרף דאָך קענען זיבעציק שפּראַכן. קען דען יוסף אַזוי פיל שפּראַכן, וואָס דו האָסט אים גרויס געמאַכט?

האָט פּרעה געענטפערט:

— מאָרגן וועל איך אים פאַרהערן!

ביינאַכט איז געקומען צו יוספן אַ מלאך און אים אויסגעלערנט זיבעציק שפּראַכן.

אויף מאָרגן האָט דער קעניג פּרעה גערעדט מיט יוספן אויף פאַרשיידענע שפּראַכן און יוסף האָט אַלץ פאַרשטאַנען. דערנאָך האָט יוסף גערעדט צום קעניג פּרעה אויף העברעאיש, האָט דער קעניג נישט פאַרשטאַנען.

האָט דער קעניג פּרעה געבעטן יוספן, ער זאָל דאָס קיינעם נישט אויסזאָגן, ווייל דער קעניג האָט זיך געשעמט, וואָס יוסף קען מער שפּראַכן פאַר אים.

אַז די חכמים פון מצרים האָבן זיך דערוווסט, אַז יוסף קען זיבעציק שפּראַכן, האָבן זיי אָפּגעגעבן יוספן כבוד, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גרויסן מענטשן.

---

חכמים — כאַכאָמים. כבוד — קאָווער.

# די ברידער האָבן חרטה.

נאָכדעם ווי די ברידער האָבן פאַרקויפט יוספן פאַר אַ שקלאַף, האָבן זיי חרטה געהאַט, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט צוזען דעם צער פון זייער אַלטן פאָטער. יעקב האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען און צו באַקלאָגן זיין באַליבטן זון יוסף. טאָג און נאַכט האָט יעקב געוויינט און גערופן:

— יוסף, מיין קינד! יוסף, מיין קינד!

האָבן די ברידער געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— אונדזער פאָטער מיינט, נעבעך, אַז יוסף איז טויט, ווייל מיר האָבן אים אָפּגענאַרט און געזאָגט, אַז אַ ווילדע חיה האָט יוספן צעריסן. מיר ווייסן דאָך אָבער, אַז אונדזער ברודער יוסף לעבט און ער איז אַ שקלאַף אין מצרים. לאָמיר גיין קיין מצרים און לאָמיר צוריקברענגען אונדזער ברודער און מיר וועלן טרייסטן און באַרואיקן אונדזער אַלטן, אומגליקלעכן פאָטער!

האָבן זיך שוין די ברידער גענומען קלייבן אין וועג אַריין קיין מצרים, ווען אין כנען איז געוואָרן אַ הונגער און יעקב האָט געזאָגט צו זיינע זין:

— גייט קיין מצרים און קויפט דאָרט ברויט, ווייל אויב נישט, וועלן מיר דאָ אַלע אויסגיין פון הונגער!

זענען יעקבס זין אַוועק קיין מצרים און געזאָגט איינער צום אַנדערן:

— איצט וועלן מיר צוריקברענגען אונדזער ברודער יוסף צו אונדזער אַלטן פאָטער און ער וועט זיך באַרואיקן אין זיין פיין.

---

חרטה — כאַראָטע, צער — צאַר.

# די ברידער זוכן יוספן.

צען פון יעקבס זין זענען אַוועק קיין מצרים: ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבולון, גד, אָשר, דן און נפתלי. דעם יינגסטן זון, יוספס ברודער פון זיין מוטער רחלען, בנימינען, האָט יעקב נישט געלאָזט מיטנעמען, עס זאָל מיט אים נישט פּאַסירן קיין אומגליק אין וועג.

ווען יעקבס זין זענען געקומען קיין מצרים, זענען זיי געגאַנגען דורך פאַרשיידענע טויערן און אויף פאַרשיידענע וועגן צו זוכן זייער ברודער יוסף. זיי האָבן אין שטאָט מצרים זיך נאָכגעפרעגט ביי אַלעמען צי עמיצער קען נישט אַ שקלאַף פון כנען מיטן נאָמען יוסף, אָבער אַז קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, זענען זיי געוואָרן אומעטיק.

—ווער ווייס צי אונדזער ברודער יוסף לעבט נאָך? — האָבן זיי געזאָגט איינער צום אַנדערן.

אין דערזעלבער צייט איז אָבער יוסף געזעסן אין זיין פּאַלאַץ און פאַרקויפט ברויט די מצרים און אַלע די, וואָס זענען געקומען פון די אַרומיקע לענדער, ווו דער הונגער איז געווען זייער גרויס.

זענען געקומען מענטשן צו יוספן און אים געזאָגט, אַז יעקבס זין פון כנען זענען געקומען קיין מצרים און זיי זוכן זייער ברודער יוסף, וואָס איז, לויט זייערע רייד, אַ שקלאַף אין מצרים.

האָט יוסף באַלד אַרויסגעגעבן אַ באפעל, מען זאָל זיי ברענגען צו אים.
האָט מען זיי געבראַכט צו יוספן אין פּאַלאַץ און זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז זיי געפינען זיך ביי זייער ברודער יוספן אין פּאַלאַץ און ער איז דער הערשער פון גאַנצן לאַנד מצרים.

# די ברידער ביי יוספן.

ווען די ברידער זענען געקומען צו יוספן, האָט זיי יוסף באַלד דערקענט, אָבער זיי האָבן יוספן נישט דערקענט, ווייל יוסף איז נאָך יונג געווען, ווען זיי האָבן אים פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף קיין מצרים און זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז זייער ברודער יוסף איז געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון גאַנצן לאַנד מצרים.

יוסף האָט זיך אָבער פאַר זיי געמאַכט פרעמד. ער האָט צו זיי גערעדט מצריש דורך אַן איבערזעצער, וואָס האָט גערעדט מצריש און העברעאיש און ער האָט גערעדט צו זיי האַרטע רייד.

יוסף האָט זיי געפרעגט:

— ווער זענט איר?

— פון וואַנען קומט איר?

— לעבט נאָך אייער פאָטער?

און דערנאָך:

— פאַרוואָס האָט איר נישט מיטגעבראַכט אייער יינגסטן ברודער, בנימין?

זיי האָבן דערקלערט ווער זיי זענען, פון וואַנען זיי קומען און אַז זייער אלטער פאָטער האָט זיי נישט געוואָלט מיטגעבן זייער יינגסטן ברודער בנימינען, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז מיט אים זאָל נישט פּאַסירן קיין אומגליק אין וועג.
יוסף האָט געטראַכט:

— ווער ווייס צי מיין ברודער בנימין לעבט!

און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— גייט און ברענגט אייער ברודער בנימינען און איינער פון אייך וועט בלייבן דאָ, ביז איר וועט מיר ברענגען אַהער אייער יינגסטן ברודער בנימינען! און יוסף האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַרעסטירן שמעונען און די איבעריקע זאָלן צוריקגיין קיין כנען ברענגען זייער יינגסטן ברודער.

# די ברידער דעם צווייטן מאָל ביי יוספן

יעקב איז געווען זייער טרויעריק, ווען ער האָט געזען, אַז נאָר ניין זין האָבן זיך צוריקגעקערט פון מצרים.

— וואָס האָט פּאַסירט מיט שמעונען?! — האָט יעקב געפרעגט מיט שרעק.

האָבן יעקבס זין געענטפערט:

— דער האַר פון מצרים האָט פאַרהאַלטן ביי זיך שמעונען און ער האָט געזאָגט:

— איך וועל אייער ברודער נישט באַפרייען, ביז איר וועט מיר ברענגען אייער יינגסטן ברודער!

איז יעקב אין כעס געוואָרן און אָנגעהויבן שרייען:

— פאַרוואָס האָט איר דעם מענטש געזאָגט, אַז איר האָט נאָך אַ יינגסטן ברודער? וויניק צרות האָב איך געהאַט אין מיין לעבן, וואָס איר ברענגט אויף מיר נאָך נייע צרות אויף מיין עלטער? ווילט איר מיין עלטער אין טרויער אַראָפּנידערן אין קבר אַריין?!

האָבן יעקבס זין דערקלערט זייער פאָטער, אַז זיי האָבן דעם מענטש נישט געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ יינגערן ברודער. נאָר דער מענטש מאַכט כישוף מיט אַ בעכער און ער ווייס אַלץ און איצט מוזן זיי אים ברענגען בנימינען, ווייל זייער ברודער איז געבליבן אין מצרים און זיי האָבן קיין שפּייז נישט באַ-קומען.

אַז די זין זענען שטאַרק צוגעשטאַנען, האָט יעקב, מיט אַ שווער האַרץ, זיי מיטגעגעבן זיין יינגסטן זון בנימינען און יעקבס זין זענען צום צווייטן מאָל אַוועק קיין מצרים און אָנגעקומען צו יוסֿפֿן, נאָר דאָסמאָל שוין מיט זייער יינגסטן ברודער בנימין.



# יוסף דערקענט זיך פאַר זיינע ברידער.

ווען יוסף האָט דערזען בנימינען, האָט ער זיך אין האַרצן שטאַרק דערפרייט, אָבער זיינע ברידער האָט ער דאָס נישט געוואָלט אַרויסווייזן. ער האָט זיי געוואָלט אויספּרובירן צי זיי זענען שוין געטרייע ברידער, אָדער זיי זענען נאָך אַזעלכע ווי אַמאָל.

האָט יוסף געהייסן זיינע דינער, זיי זאָלן אַריינלייגן צו בנימינען אין זעקל זיין גאָלדענעם בעכער און ווען די ברידער האָבן שוין געהאַט פאַרלאָזט זיין פּאַלאַץ האָט ער זיי געשיקט פאַרהאַלטן און זוכן ביי אַלעמען אין די זעקלעך.

האָט מען געזוכט אין אַלעמענס זעקלעך און מען האָט אין בנימינס זעקל געפונען יוספס בעכער.

האָט מען זיי צוריקגעבראַכט צו יוספן אין פּאַלאַץ און יוסף האָט צו זיי געזאָגט:

— איר אַלע זענט פריי און איר קענט אַהיימקומען צו אייער פאָטער, נאָר אייער יינגסטער ברודער, וואָס ביי אים איז געפונען געוואָרן מיין בעכער, וועט ביי מיר בלייבן אַ שקלאַף.

האָבן אַלע ברידער געענטפערט:

— ניין, מיר אַלע וועלן ביי דיר בלייבן שקלאַפן, אָן אונדזער יינגסטן ברודער וועלן מיר זיך נישט אומקערן צו אונדזער פאָטער!

און יהודה איז געווען אַ העלד און זיין קול איז געווען ווי דער קול פון אַ לייב.

האָט יהודה געשריגן מיט אַלע כוחות:

— מוזט אונדז אונדזער ברודער צוריקגעבן!

— מיר ווען אָן אונדזער ברודער זיך נישט צוריקקערן אַהיים!

— אונדזער ברודער גיב אונדז אָפּ!!

אַז יוסף האָט דערהערט די רייד פון זיינע ברידער און די קולות פון יהודהן, האָט ער געטראַכט:

— איך זע שוין, אַז מיינע ברידער האָבן חרטה! מיך זוכן זיי צוריקצוברענגען צום פאָטער און מיין יינגסטן ברודער ווילן זיי נישט פאַרלאָזן!

האָט יוסף געגעבן אַ באַפעל זיינע דינער, זיי זאָלן שמעונען באַפרייען פון טורמע און מען זאָל מאַכן אַ גרויסע סעודה פאַר די געסט פון כנען.

די ברידער האָבן זיך איבערגעקוקט און געשטוינט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר.

אין דער צייט פון דער סעודה האָט זיך יוסף געהאַלטן פרעמד צו זיינע ברידער, אָבער עס איז אים שוין אָנגעקומען שווער און ער איז אַרויס אין א צווייטן צימער און זיך צעוויינט.
ווען יוסף איז צוריק אַריין אין זאַל, האָט ער געגעבן אַ באַפעל, אַז אלע זייטיקע מענטשן זאָלן אַרויסגיין און אים לאָזן מיט זיינע געסט.

די ברידער האָבן אַלץ געשטוינט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַ־
נען, פארוואָס דער האַר פון מצרים פירט זיך אזוי מאָדנע
מיט זיי. אָבער זיי האָבן געשוויגן. זיי האָבן נישט געוואַגט
צו רעדן אַ וואָרט און זיי האָבן געוואַרט, מיט וואָס דאָס וועט
זיך ענדיקן.

מיטאַמאָל איז דער האַר פון מצרים אויפגעשפּאָנען פון זיין
אָרט און אויסגערופן מיט אַ שטאַרקן קול:

— איך בין אייער ברודער יוסף! — לעבט נאָך מיין פאָטער?
און ער האָט זיך צעוויינט.

די ברידער האָבן זיך דערשראָקן, אָבער יוסף האָט זיי באַ־
רואיקט:

— זייט רואיק, איר האָט מיר קיין שלעכטס נישט געטאָן!
דאָס איז געווען פון גאָט, אַז איך זאָל איצט זיין אייער
שפּייזער! אייך און אונדזער פאָטער צו ראַטעווען פון
הונגער!

יוסף מיט זיינע ברידער האָבן זיך געהאַלדזט און געקושט
און געוויינט פון פרייד.

צום סוף האָט יוסף געזאָגט צו זיינע ברידער:

— פילט אָן אייערע זעקלעך מיט שפּייז און גייט גיך אַהיים
אין כנען און זאָגט אָן אונדזער פאָטער, אַז יוסף, זיין זון,
לעבט און ער איז דער פאַרוואַלטער פון גאַנצן לאַנד מצרים
און זאָל אונדזער פאָטער מיט זיין גאַנצער פאַמיליע קומען

צו מיר קיין מצרים און איך וועל פאר אייך זאָרגן, אַז עס זאָל אייך גאָרנישט פעלן!!

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען יעקב און זיין פאַמיליע, זיבעציק נפשות, געקומען קיין מצרים.

---

כוחות — קויכעס. קולות — קוילעס. נפשות — נעפאַשעס.

# יעקב מיט זיין פאַמיליע אין מצרים.

אַז יעקב האָט דערהערט, אַז זיין זון יוסף לעבט, האָט ער אויסגערופן:

— יוסף לעבט! לאָמיך אים זען איידער איך שטאַרב!
איז יעקב און זיין פאַמיליע אַוועק קיין מצרים.

יוסף האָט באַגעגנט זיין פאָטער מיט געוויין פון פרייד און לאַנג האָבן זיך דער אַלטער פאָטער מיט זיין געליבטן זון געהאַלדזט און געקושט.

יוסף האָט געבראַכט זיין פאָטער און זיינע ברידער פאַרן קעניג פרעה.

פרעה האָט זיי גוט אויפגענומען און אַז ער האָט זיך דערוווסט, אַז זיי זענען פאַסטוכער, האָט ער זיי אָפגעגעבן דאָס פעטע לאַנד גושן. האָבן יעקב און זיין פאַמיליע זיך באַזעצט אין לאַנד גושן.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז יעקב געשטאָרבן. פאַרן טויט האָט ער געבענטשט זיינע זין און זיי אָנגעזאָגט ווי זיי זאָלן זיך פירן און יעדער איינער מיט וואָס ער זאָל זיך פאַרנעמען.

ער האָט זיי געבענטשט, זיי זאָלן זיך מערן און אַ גרויס פאָלק זאָל פון זיי ווערן.

פון יעקבס צוועלף זין זענען אַרויסגעקומען די צוועלף שבטים און פון זיי דאָס יידישע פאָלק.

---

גאָשן — גוישען. שבטים — שוואָטים.

# דער שלעכטער פרעה.

יוסף איז געשטאָרבן און זיין גאַנצער דור. איז אויפגעקומען אין מצרים אַ נייער פרעה. דער צווייטער פרעה האָט נישט געוווסט, אַז עס איז געווען אין מצרים אַ ייד מיטן נאָמען יוסף, וואָס האָט געראַטעוועט מצרים פון הונגער.

האָט דער צווייטער פרעה פיינט געהאַט די יידן פון מצרים און ער האָט זיי געהייסן פייניקן און פאַרביטערן זייער לעבן.

און דער שלעכטער פרעה האָט געזען ווי די יידן צייכענען זיך אויס אין מצרים און זיי באַגליקן אין אַלע זייערע וועגן. זיי מערן זיך און ווערן רייך און שטאַרק און עס האָט אַזוי געזאָגט דער שלעכטער פרעה צו זיינע דינער:

— זעט, אַ פרעמד פאָלק איז צו אונדז געקומען פון כנען און זיי ווערן זייער פיל און זיי ווערן זייער שטאַרק! לאָמיר זיך נעמען צו זיי איידער זיי וועלן ווערן צופיל און זיי וועלן מיט אונדז מלחמה האַלטן!

איז יידן געוואָרן שלעכט אין מצרים. פון די קינדער, וואָס זענען ביי זיי געבוירן געוואָרן, האָט מען די יינגלעך געוואָרפן אין טייך נילוס און נאָר די מיידלעך האָבן געמעגט בלייבן לעבן. מען האָט די יידן אָנגעהויבן צו פּייניקן און פאַרביטערן זייער לעבן מיט שווערע אַרבעט און שקלאַפעריי. מען האָט די יידן אין מצרים געצוווּנגען צו קנעטן ליים און צו מאַכן ציגל און צו טאָן אַלע שווערע אַרבעטן און צו בויען פעס-טונגען און שטעט פאַר מצרים.

און די מצרים האָבן די יידישע שקלאַפן אין מצרים געטריבן צו דער שווערער אַרבעט פון זון-אויפגאַנג ביז דער זון-אונ-טערגאַנג און זיי האָבן די יידן ביי דער אַרבעט געשלאָגן מיט בייטשן און די יידן האָבן געקרעכצט אונטערן שווערן יאָך פון זייער שקלאַפעריי און פון זייער פּיין אין מצרים.

פיר הונדערט יאָר זענען די יידן געפּייניקט געוואָרן אין מצרים ביז זייער געשריי האָט דערגרייכט דעם הימל און גאָט האָט זיי געשיקט דעם באַפרייער משה, וועלכער האָט זיי מיט אַ שטאַרקער האַנט אַרויסגעפירט פון דעם שקלאפן-לאַנד, פון מצרים, און די יידן זענען געוואָרן אַ פריי פאַלק.

---

דור — דאָר. משה — מוישע.



# דאָס קינד משה.

איז אין יענער, ביטערער צייט פון שקלאַפעריי, געווען אין מצרים אַ ייד פון שבט לוי, מיטן נאָמען עמרם און זיין פרוי האָט געהייסן יוכבד.

זיי האָבן געהאַט אַ זון — אהרון און אַ טאָכטער מרים. איז ביי עמרם און יוכבד געבוירן געוואָרן אַ קינד און דאָס קינד איז געווען אַ ייִנגל און דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען דער שלעכטער פרעה האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אלע יידישע ייִנגלעך וואָס וועלן געבוירן ווערן, זאָל מען אַריינוואַרפן אין טייך נילוס.

האָבן די עלטערן געמאַכט אַ קעסטעלע און אין קעסטעלע אַריינגעלייגט זייער קינד און דאָס קעסטעלע מיטן קינד געלאָזן שווימען אויפן טייך נילוס.

זייער טאָכטער מרים האָט זיך אַוועקגעזעצט פון ווייטן צו זען, וואָס עס וועט זיין מיטן קינד.

איז פרעהס טאָכטער מיט אירע דינסטן אַרויס אויפן שפּאַציר ביי די ברעגן פון טייך נילוס. האָט די פּרינצעסין דערזען אַ שיין קינד אין אַ קעסטעלע שווימען איבערן טייך נילוס.
האָט די פּרינצעסין געזאָגט צו אירע דינסטן:
— נישט אַנדערש, נאָר דאָס איז אַ יידיש קינד, נאָר זאָל דאָס זיין אַ סוד...

דאָס קינד איז דער פּרינצעסין זייער געפעלן געוואָרן און זי האָט דאָס גענומען אין פּרעהס פּאַלאַץ אַריין און עס אַ נאָמען געגעבן משה — ווייל זי האָט עס פון וואַסער אַרויסגעצויגן.

דעם קעניג פּרעה איז אויך דאָס קינד געפעלן געוואָרן און ער האָט זיך מיטן קינד געשפּילט און די פּרינצעסין, פּרעהס טאָכטער, איז אַוועק זוכן אַן אַם פאַרן קינד. האָט זי געבראַכט דעם קינדס מוטער, יוכבד.

דאָס קינד משה איז אויף אַזאַ אופן אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין פּרעהס קעניגלעכן פּאַלאַץ ווי אַ פּרינץ. אָבער די מוטער, וועלכע איז אלע טאָג צו אים געקומען, האָט אים צוגעוויגט ער זאָל וויסן, אז ער איז אַ יידיש קינד און אז זי און נישט די מצרישע פּרינצעסין, איז זיין מוטער.

די פּרינצעסין האָט אָבער זייער שטאַרק ליב געהאַט דאָס קינד משה און האָט אים אפילו איין מאָל אָפּגעראַטעוועט פון טויט.

דאָס איז געווען ווען דער קעניג פּרעה האָט געהאַלטן דאָס קינד משה אויפן שויס און זיך דערמיט געשפּילט און דאָס קינד האָט אַראָפּגעכאַפּט ביי דעם קעניג די קרוין פון קאָפּ און זי אָנגעטאָן אויף זיין קאָפּ.

האָבן פּרעהס קלוגע לייט געזאָגט:

— דאָס קינד דאַרף מען טויטן, ווייל דאָס וועט אויסוואַקסן אַ מענטש, וואָס וועט פון פּרעהן אַראָפּנעמען די קרוין פון קאָפּ.

איז דערביי געווען די פּרינצעסין. האָט זי געזאָגט:

— ניין, מען דאַרף דאָס קינד לאָזן לעבן, ווייל עס ווייס נישט וואָס עס טוט. אָט זאָל מען אַריינברענגען אַ שיסל מיט טייערע שטיינער און אַ שיסל מיט הייסע קוילן, וועלן מיר זען, אויב דאָס קינד וועט כאַפּן די טייערע שטיינער, איז אַ סימן, אַז דאָס קינד ווייס וואָס עס טוט און מען וועט עס דאַרפן טויטן, אויב אָבער דאָס קינד וועט כאַפּן די הייסע קוילן, וועט דאָס זיין אַ באַווייז, אַז דאָס קינד ווייס נישט וואָס עס טוט און מען וועט עס דאַרפן לאָזן לעבן.

איז דער פּלאַן פון דער פּרינצעסין אַלעמען געפעלן געוואָרן און מען האָט געמאַכט דעם פּרווו.

מען האָט אַוועקגעשטעלט פאַרן קינד משה אַ שיסל מיט טייערע שטיינער און אַ שיסל מיט הייסע קוילן און די פּרינצעסין האָט דאָס קינד געהאַלטן אויפן שויס.

האָט דאָס קינד געוואָלט אַ כאַפּ טאָן אַ טייערן דימענט, האָט די פּרינצעסין דעם קינד אַ שטויס געטאָן דאָס הענטל און דאָס קינד משה האָט געכאַפּט אין מויל אַריין אַ הייסן קויל און זיך אָפּגעבריט די צונג.

אַזוי האָט די מצרישע פּרינצעסין צוויי מאָל געראַטעוועט משהן פון טויט.

---

שבט — שייוועט. עמרם — אַמראָם. יוכבד — יאָכעוועד. אהרון — אַראָן. מרים — מיריאָם. סוד — סאָד. מצרישע — מיצרישע.

# משה העלפט די יידישע שקלאפן.

ווען משה איז אויסגעוואקסן, איז ער געגאנגען זען ווי עס לעבן זיינע ברידער אין דער שקלאפעריי.

משה איז געווען פריי. ער איז אין פרעהס פאלאץ געווען פארעכנט פאר א פרינץ. אבער ער האט געליטן, ווען ער האט געזען, ווי שווער עס ארבעטן זיינע ברידער און ווי זיי ווערן געפייניקט אין דער שקלאפעריי.

איז משה יעדן טאג אוועק פון פרעהס קעניגלעכן פאלאץ און געקומען העלפן די יידישע שקלאפן אין זייער שווערער ארבעט.

האט זיך משה דערוווסט, אז די שקלאפן ארבעטן אן אפרו. איז ער געקומען צום קעניג פרעה און האט געזאגט:

— ווי קאנען דען מענטשן ארבעטן אן אפרו, זיי וועלן דאך גיך שטארבן און דו וועסט פארלירן די שקלאפן. גיב זיי יעדן זיבעטן טאג צו רוען!

האט זיי פרעה געגעבן יעדן זיבעטן טאג צו רוען. פון דאן אן האבן די יידן אנגעהויבן פייערן דעם זיבעטן טאג, שבת, אלס רו-טאג.

איינמאל האט משה געזען ווי א מצרי שלאגט א יידישן שקלאף. האט ער אים געזאגט:

— דו רשע, פארוואס שלאגסטו דעם שקלאף?

האט דער מצרי זיך אנגעהויבן קריגן מיט משהן און דערנאך איז געווארן א געשלעג צווישן דעם מצרי און משהן. איז דער מצרי געפאלן טויט.

אַז דער קעניג פּרעה האָט זיך דערוווּסט, אַז משה האָט זיך אָנגענומען פאַר די שקלאַפן און ער האָט דערהרגעט איינעם פון זיינע דינער, האָט ער משהן געוואָלט טויטן. איז משה אַנטלאָפן פון מצרים און איז אַוועק אין דעם לאַנד מדין.

---

שבת — שאַבעס. מצרי — מיצרי. רשע — ראָשע. מדין — מידיאָן.

# משה אין מדין

אין מדין האָט געלעבט אַן אַלטער מאַן מיטן נאָמען יתרו.
יתרו איז אַמאָל געווען אַ גייסטלעכער ביי די מדינים, וואָס האָבן געדינט צו געטשעס. יתרו האָט אויף דער עלטער פאַר־לאָזן די געטשנדינערײ און איז געוואָרן אַ פּאַסטוך.
יתרוס טעכטער האָבן געהאָלפן זייער פאָטער פּאַשען די שאָף.
ווען משה איז געקומען אין מדין, איז שוין דער אַלטער יתרו געווען אין זיין היים. ער האָט גערוט נאָך זיין שווערן טאָג אַרבעט און זיינע טעכטער האָבן שוין געענדיקט פּאַשען די שאָף.
איינע פון יתרוס טעכטער, צפורה, האָט געוואָלט אָנטרינקען די שאָף. האָבן שלעכטע פּאַסטוכער איר פאַרטריבן פון ברונעם.
משה איז געקומען און האָט דאָס דערזען, האָט ער פאַרטריבן די שלעכטע פּאַסטוכער און געהאָלפן צפורהן אָנטרינקען די שאָף.
דערפאַר האָט צפורה גערופן משהן צו זיך אין שטוב און אים פאָרגעשטעלט פאַר איר פאָטער:

— אָט דער מצרי — האָט צפורה געזאָגט צו איר פאָטער — האָט מיך געראַטעוועט פון די הענט פון די שלעכטע פּאַס־טוכער!
איז משה זייער שטאַרק באַליבט געוואָרן אין יתרוס הויז. יתרו האָט צוגענומען משהן פאַר אַ פּאַסטוך און דערנאָך האָט ער אים געגעבן זיין טאָכטער צפורה פאר א פרוי.

---

יתרו — ייסרוי. צפורה — ציפוירע.

# משה און דאָס שעפּעלע.

משה איז געווען אַ געטרייער פּאַסטוך צו זיינע שאָף.
איינמאָל ווען משה האָט געפּאַשעט די שאָף אין מדין, האָט ער דערזען ווי אַ שעפּעלע אַנטלויפט פון דער סטאַדע.
משה האָט מורא געהאַט, אַז דאָס שעפּעלע זאָל נישט אוועק־לויפן ווייט פון דער סטאַדע און א ווילדע חיה פון וואַלד זאָל עס נישט צערייסן, האָט ער זיך געיאָגט נאָכן שעפּעלע, ער האָט עס געוואָלט כאַפּן און עס צוריקברענגען אין סטאַדע.
איז אָבער דאָס שעפּעלע געלאָפן אזוי גיך, אז ער האָט עס נישט געקאָנט כאַפּן. מיטאַמאָל האָט משה דערזען, ווי דאָס שעפּעלע שטעלט זיך אָפּ נעבן אַ קלאָר טייכעלע און טרינקט זיך אָן מיט וואַסער.
דאַן האָט משה פאַרשטאַנען, אז דאָס אָרימע שעפּעלע איז אזוי האסטיק געלאָפן, ווייל עס איז געווען דורשטיק און עס איז געלאָפן צום וואַסערל און אומזיסט האָט ער מיטן יאָגן אַזוי געפּייניקט דאָס שעפּעלע.
האָט משה אויפן שעפּעלע גרויס רחמנות געקראָגן. האָט ער עס געלאָזן זיך אָנטרינקען מיטן וואַסער פונם טייכעלע און

ווען דאָס שעפּעלע האָט געענדיקט טרינקען, האָט עס משה גענומען אויף די הענט, ווי מען טראָגט אַ קינד, און עס אַוועקגעטראָגן אין סטאַדע אַריין.

האָבן אין הימל די מלאכים געזאָגט צו גאָט:

— דער געטרייער פּאַסטוך, משה, וועט אויך זיין אַ געטרייער פּאַסטוך צו זיין פאָלק!

און אין הימל איז באַשטימט געוואָרן, אַז משה זאָל ווערן דער פירער און דער באַפרייער פון דעם יידישן פאָלק.

---

מורא — מוירע. רחמנות — ראכמאָנעס.

# דער דאָרן.

איינמאָל, ווען משה האָט געפּאַשעט די שאָף אין פעלד, האָט ער דערזען ווי אַ דאָרן-ביימעלע ברענט אין פייער און עס ווערט נישט פאַרברענט.

איז משה צוגעגאַנגען נענטער צו דעם אָרט צו זען דעם ווונדער.

האָט משה מיטאַמאָל דערהערט אַ קול פון הינטער דעם דאָרן-בוים:

— משה, משה! טו אויס די שיך פון דיינע פיס, ווייל דאָס אָרט, אויף וועלכן דו שטייסט, איז הייליק!

האָט משה אויסגעטאָן די שיך פון זיינע פיס און איז געפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד.

און משה האָט ווידער געהערט אַ קול, וואָס האָט גערעדט צו אים:

— משה, עס רעדט צו דיר גאָט, דער יידישער גאָט, דער גאָט פון דיינע עלטערן, אברהם, יצחק און יעקב! איך האָב

געזען דעם פּיין פון מיין פאָלק און איך האָב דערהערט זייער געשריי און איך וויל זיי באַפרייען פון דער שקלאַפעריי, פון מצרים: גיי צו פרעה און זאָג אים, אַז דער יידישער גאָט האָט געהייסן, אַז ער זאָל באַפרייען זיין פאָלק און ער זאָל אַרויסלאָזן די קינדער פון ישראל פון מצרים!

האָט משה געזאָגט:

— איך בעט דיר גאָט, ווער בין איך, אַז איך זאָל גיין צו פרעהן און איך זאָל אים זאָגן: — באַפריי די יידן פון מצרים! וועט מיך דען פרעה הערן? שיק מיין גאָט, וועמען דו וועסט שיקן, נאָר שיק נישט מיך!

האָט גאָט געענטפערט מיט צאָרן:

— ניין, דיך וועל איך שיקן און דו וועסט גיין צום קעניג פרעה פון מצרים און דו וועסט צו אים רעדן און וועסט אים זאָגן, אַז דער יידישער גאָט האָט דיך געשיקט צו אים און דאַן וועסטו אים זאָגן: — דער יידישער גאָט האָט געהייסן באַפרייען פון דער שקלאַפעריי זיין פאָלק און אַרויסלאָזן פון מצרים די קינדער פון ישראל!

האָט משה ווידער גערעדט צו גאָט און האָט געזאָגט:

— ווי קאָן איך דען גיין און רעדן צום קעניג פרעה? איך האָב דאָך אַ שווערע צונג און אַ שווער לשון!

האָט גאָט געזאָגט צו משהן:

— נעם מיט דיין ברודער אהרון. דו וועסט רעדן צו אהרונען און ער וועט רעדן צו פרעהן.

זענען משה און אהרון אַוועק צום קעניג פרעה אין נאָמען פון דעם יידישן גאָט פאָדערן די באַפרייאונג פון די יידישע שקלאַפן.

---

פּנים — פּאָנים. לשון — לאָשן.

# די באפרייאונג פון מצרים.

זענען משה און אהרון געקומען צו דעם קעניג פרעה און צו אים געזאָגט:

— דער ייִדישער גאָט האָט אונדז געשיקט צו דיר און עס פאָדערט דער ייִדישער גאָט, אַז דו זאָלסט באַפרייען זיין פאָלק, ווייל אַ גרויסן יום טוב האָבן מיר אין מדבר!

האָט פרעה געגעבן אַ באַפעל צו זיינע דינער, אַז זיי זאָלן זוכן אין די ביכער פון די געטער דעם ייִדישן גאָט.

האָבן פרעהס דינער געזוכט אין די ביכער, וווּ עס זענען פאַרשריבן די נעמען פון אַלע געטשעס און האָבן דאָרט דעם ייִדישן גאָט נישט געפונען. זענען זיי געקומען צום קעניג פרעה און האָבן געזאָגט:

— מיר האָבן געזוכט אין אַלע ביכער און מיר האָבן געזוכט די נעמען פון אַלע געטער פון מצרים און פון אַלע לענדער פון דער וועלט און מיר האָבן אין אונדזערע ביכער קיין ייִדישן גאָט נישט געפונען.

האָט פרעה געענטפערט צו משה און אהרונען מיט כעס:

— איך קען נישט אייער גאָט און איך וועל נישט הערן זיין באַפעל!

און ווייטער האָט פרעה געזאָגט:

— איך וועל די ייִדישע שקלאַפן נישט באַפרייען און איך וועל זיי נישט אַרויסלאָזן פון מצרים!

און עס איז געווען, אַז משה און אהרון האָבן שטאַרק גענו־מען פּאָדערן פון קעניג פּרעה, ער זאָל באַפרייען די יידן פון מצרים, האָט פּרעה געענטפערט:

— ניין, איך וועל די שקלאַפן נישט באַפרייען!

און נאָך האָט פּרעה געזאָגט צו משה און אהרונען:

— וואָס שטערט איר די שקלאַפן אין דער אַרבעט! דערפאַר וועל איך זיי הייסן געבן נאָך שווערערע אַרבעט און דעם רו־טאָג, וואָס איך האָב זיי געגעבן, וועל איך זיי צוריק צונעמען!

און פּרעה האָט פאַרטריבן משה און אהרונען פון זיין פּאַלאַץ. איז משה געקומען צו גאָט און האָט געזאָגט:

— צו וואָס האָסטו מיך געשיקט צו פּרעהן? איך האָב דאָך נאָך ערגער געמאַכט! די יידן פון דער שקלאַפעריי באַפרייט פּרעה נישט און די אַרבעט מאַכט ער נאָך שווערער!

האָט גאָט געזאָגט צו משהן:

— דאָס האָב איך שווער געמאַכט פּרעהס האַרץ, ער זאָל מיך נישט פאָלגן און דאַן וועל איך אים ווייזן מיין גאַנצע קראַפט און ער וועט שטארק געשלאָגן ווערן ביז ער וועט זיך בעטן, אַז די יידן זאָלן אַרויס פון מצרים!

— איצט הער! גיי צו פּרעהן קיין מצרים וויפיל מאָל איך וועל דיך שיקן און פאָדער, ער זאָל באַפרייען מיין פאָלק און אַז ער וועט שווער מאַכן זיין האַרץ און ער וועט מיך נישט וועלן פאָלגן, וועל איך אים אַזוי שטראָפן, אז ער וועט

דערפילן מיין שטאַרקע האַנט און ער וועט וויסן, אז איך בין דער גאָט פון ישראל!

האָבן משה און אהרון געטאָן ווי דער יידישער גאָט האָט זיי געהייסן און זיי זענען געגאַנגען צום קעניג פרעה. וויפיל מאָל גאָט האָט זיי געהייסן און ביי יעדן מאָל, וואָס פרעה האָט שווער געמאַכט זיין האַרץ און האָט נישט געוואָלט פאָלגן, האָט אים דער יידישער גאָט געשטראָפט.

האָט פרעהן דער יידישער גאָט געשטראָפט מיט צען מכות:

בלוט, זשאַבעס, לייז, אַ צעמישעניש און אַ מגפה אין די שאָף, קרעץ, אַ האָגל, אַ היישעריק, א פינצטערניש און די לעצטע מכה איז געווען אַ פעסט אויף אַלע עלטסטע זין (בכורים).

ביי יעדער מכה איז פרעהס האַרץ ווייך געוואָרן און ער האָט צוגעזאָגט די יידן אַרויסצולאָזן פון מצרים. אָבער ווי נאָר די מכה איז אַריבער, האָט פרעה באַלד חרטה געהאַט און נישט געוואָלט ארויסלאָזן די יידן פון מצרים.

אָבער אַז עס איז געקומען צו דער צענטער מכה, האָט זיך פרעה שטאַרק דערשראָקן, ווייל פרעה אַליין איז געווען אַ בכור און אין דער נאַכט, ווען עס זענען געשטאָרבן די בכורים פון מצרים, האָט ער געשיקט רופן משה און אהרונען און גערעדט צו זיי:

— גייך נעמט אַרויס אייער פאָלק פון מצרים, איידער איך מיט מיין פאָלק וועלן אויסשטאַרבן!

האָט פּרעה אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו זיינע דינער, אַז נאָך אין דערזעלבער נאַכט זאָלן אַלע יידן פאַרלאָזן מצרים.

זענען אין איין נאַכט אלע יידן באַפרייט געוואָרן פון דער שקלאַפעריי, פון מצרים.

און עס איז געווען גרויס די איילעניש, ווייל די מצרים האָבן צוגעאיילט, און די יידן האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו באַקן ברויט מיטצונעמען אין וועג אַריין. האָבן זיי נאָר פאַרקנעטן די טייג און נישט פאַרזייערט און אויף די אַקסלען געטראָגן און קעגן דער זון האָבן זיך אויסגעבאַקן פלעצלעך. וואָס מען האָט דאַן גערופן מצות און אַזוי — ביז היינטיקן טאָג.

מיט אַ שטאַרקער און א מוראדיקער קראַפט האָט משה אין נאָמען פון דעם יידישן גאָט באַפרייט די יידן פון דער שווערער שקלאַפעריי פון מצרים.

אַלס אָנדענק פון דער באַפרייאונג פון מצרים, פייערן מיר יעדעס יאָר דעם שיינעם פרילינג-יום-טוב, פסח.

---

יום־טוב — יאָמטעוו. מדבר — מידבאָר. כעס — קאַאָס. ישראל — ייסראָעל. מכות — מאַקעס. מגפה — מאַגייפע. מכה — מאַקע. חרטה — מוראדיקער — מוירעדיקער. פסח — פּייסעך.

כאַראָטע. בכור — בכאָר. בכורים — בכוירים. מצות — מאַצעס.



## אויסבעסערונג:

אין וואָרט **עשו** איז צוליב א פארזען
ארייננעפאלן א יוד – „עשין"

---

פון זעלבן מחבר:

## „אויף ביבלישע מאטיוון"

(אפאָריזמען, עפיגראמען און פאראפראזן)

צו באקומען:

אין מעקסיקע, ביים מחבר:

**J. WINIECKI.**

**AV. MEXICO 71 (COL. HIPODROMO)**

**MEXICO, D. F.**

אין די שטאטן:

פארלאג „מתנות"

**22 EAST 17TH STREET.**

**NEW-YORK. N. Y.**